№ 14. צווייטער יאהרגאנג

# יודישע
# פאלקס-צייטונג

ד׳ ניסן תרס״ג. פערלאג „פאלקס-בילדונג״ ווארשא. 1 April 1903.

**אינהאלט:** גנזאגג; שמעון מנחם לאזאר. — דער שרעק אין דובאסאר; מ. חיות. — די רציחה אין דובאסאר. — פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס; III ציוניסטישע נייעס. — דער שותף; ליפמאן-לעווין. — פון אלצדינג צו ביסלעך; ד״ר י. ליוקאמאוויטש. — דאס לעבען זיך נעמען; ש. בעלענקי. — וויסענשאפטליכע ידעות. — ערווידערונג; המודיע.

**יודישע פראווינץ:** I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — שרובים פון ליבע; מ. וועבער. — מודעות.

**פעליעטאן:** מיין ערשטער ראמאן; שלום-עליכם. — שרובים; עזריאלעוו.

צווייטער יאהרגאנג. **Jüdische Volks-Zeitung** Nr. 14.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 "
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 "
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא „נג. אנר יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס-צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

ד' ניסן תרס"ג. Nr. 14. 1 April 1903.

מיר זענען מודיע אונזערע געעהרטע אבאנענטען, אז דער ערשטער באנד פון

## „אלע ווערק פון שלום עליכם"

ווערט ארויס פון דרוק תיכף נאך פסח און גלייך צוגעשיקט ווערען אלע אבאנענטען, וועלכע האבען איינגעצאהלט פאר דעם.

די ווייטערדיגע בענדער וועלען ערשיינען צו דער צייט, יעדער באנד אם ענדע פון יעדען פיערטעל יאהר.

די רעדאקציע.

## געזאנג.

אז דאס יודיש-לערנען איז נישט ווי עס געהער צו זיין, האט מען שוין גענוג בעוויזען, עס זענען שוין געווען אין די יודישע צייטונגען דעריבער גענוג וכוחים; אבער אלע זענען איינג דארין, אז דאס יודישע לערנען וואלט מען בעדארפט צו פארבעסערען. נאר וועגען איין חסרון אין יודיש-לערנען האט נאך קיינער נישט געשמועסט און דאך איז דאס איינער פון די גרעסטע חסרונות; אבער מען וואלט איהם גאר לייכט געקאנט אויסבעסערען און דאס וואלט זעהר פיעל געהאלפען, אז מיר זאלען מעהר פעולה זעהען אין לערנען און דאס גאנצע לערנען וואלט לייכטער און לעבעדיגער געווען. איך מיין דאס זינגען ביים לערנען יודיש.

דער געזאנג האט פון אייביג אן א גרויסע ראלע געשפיעלט אין לעבען פון אלע פעלקער און אין אלע צייטען. פון אלע בעסטע געפיהלען און פון אלע בעסטע געדאנקען האט מען תמיד געפלעגט לידער צו פארפאסען. דער געזאנג האט די געפיהלען און די געדאנקען פון די גרעסטע מענשען פון יעדעם פאלק ביי אלע מענשען פאראייביגט, דורך דעם זינגען האבען זיי די גוטע געדאנקען און לעהרען אלע מאל געחזר'ט און געדענקט און דורך דעם האבען זיי זיך צוגעוואהנט צו העכערע מחשבות און צו עפיס איידלערס ווי דאס איינפאכע וואכעדיגע לעבען האט אין זיי דערוועקט, דורך די לידער האבען זיך אויך די קינדער געוואהנט טיעפער און ווייטער אויף יעדע זאך צו קוקען און זייערע איינגעשלאפענע געפיהלען האבען זיך אויפגעוועקט און זייערע פעהיגקייטען האבען זיך דעריבער לייכטער ענטוויקעלט. וואס א קינד דערלערנט פון א שען ליד, וואס עס זינגט עס מיט חשק און מיט פארגעניגען, וועט עס ניט דערלערנען פון צעהן טויטע ביכער און אויך ניט פון כמה וכמה ערנסטע לעקציעס פון זיינע לעהרער, וואס עס הערט זיי נישט גערן.

אין אלע בעטהייזער פון אלע פעלקער און פון אלע רעליגיאנען האט מען זייט די עלטסטע צייטען איינגעפיהרט דאס זינגען. דאס פראסטע לייענען און „זאגען" די תפלות אדער דאס דאווענען קאן נישט ביי יעדען אויפוועקען די פרומע געדאנקען, וואס זענען די הויפטזאך פונ'ם גאטעסדיענסט; נאר דאס זינגען קאן כמעט ביי יעדען מענשען ריהרען דאס הארץ און עס אויפהייבען אויף א העכערע מדרגה ווי געוועהנליך, מאכען עס נעהנטער צו גאט.

אויך אין די פאלקס-שולען ביי אלע פעלקער האט מען דאס זינגען געמאכט פאר א וויכטיגען למוד, אהן דעם זינגען האט דאס גאנצע לערנען קיין טעם ניט, ווי איין עסען אהן זאלץ. דאס זינגען פאראיידעלט די מדות פונ'ם קינד און ברענגט אין איהם אריין ליבע צו אלעם שיינע און גוטע. דער גרעסטער דיכטער אין איירא‍פא, שעקספיר, שרייבט: „דער מענש, וואס האט נישט אין זיך קיין מוזיק, וואס די הארמאניע פון זיסע קולות ריהרט איהם נישט, טויג נאר צו פאלשקייט, צו רויבעריי און צו שווינדעל, דער גאנג פון זיין זין איז שטיל ווי די נאכט, זיין טראכטען איז פינסטער און טריב ווי דער מלאך דומה. גלויב ניט א זאלכען". דעריבער איז דאס זינגען זעהר וויכטיג ביים לערנען מיט קינדער און עס איז נישט קיין פראסטער שפיל אזוי ווי טייל יודען מיינען. אין טייל שולען אין אמעריקא לעהרענט מען די קינדער אלע למודים זינגענדיג.

די פארצייטיגע יודען האבען אויך גאנץ גוט געוואוסט די סגולה פונ'ם זינגען פאר קינדער און פאר גרויסע און האבען טאקי איינגעפיהרט, אז מען זאל לערנען מיט א נגון. די תורה האט מען ניט געטארט לייענען אהן א געוויסען נגון. יעדער ספר פון תנ"ך האט געהאט איין אנדערען נגון. אפילו דאס משניות־לערנען האט געמוזט זיין מיט א נגון. גמרא לערנט מען נאך היינט אין די ישיבות מיט א בעקאנטען נגון. די גמרא זאגט: „ווער עס לייענט (תנ"ך) אהן א נגון און ווער עס לערנט (משניות) אהן געזאנג, אויף איהם האט דער נביא געזאגט „איך האב אייך געגעבען ניט גוטע געזעצע"".

ווי אמת דאס ווארט איז קאן פארשטעהן ווער עס האט אמאל בעטראכט דעם חלוק צווישען דעם חשק פון קינדער צו געהן אין חדר אריין און דעם חשק פון קינדער צו געהן אין די פאלקס־שולע אריין. אין חדר אריין געהט כמעט קיין שום קינד נישט גערן און אין שולע אריין לויפען די קינדער מיט א התלהבות, מיט ליבע און מיט דעם גאנצען ווילען. פאר דעם חדר האט דאס קינד מורא, אבער די שולע ליבט עס, עס פיהלט דארט א טעם. דאס זינגען מאכט איהם זיס דאס לערנען און ציהט עס צו.

ווי טוט וועה דאס הארץ, אז מען זעהט יודישע קינדער, וואס געהען אין חדר אריין און אויך אין שולע אריין; אין חדר לערנען זיי זאכען, וואס זיי פארשטעהען ניט, דער רבי מיט דעם חומש מיט דער רש"י זענען זיי פרעמד און קענען זיי גאר נישט אין קאפ אריין, זיי זאגען נאר נאך, אבער אז מען פרעגט זיי איבער בלייבען זיי שטום און זענען דעם ענפער שולדיג, קיין שום זאך ציהט דארט די קינדער נישט צו דאס הארץ, אז זיי זאלען האבען וואס צו געדענקען ווען זיי וועלען אויפהערען צו געהן אין חדר א־יין; דאס איז פאר דעם קינד די ניט גוטע געזעצע, וואס דער נביא האט געזאגט—בשעת ווען זיי האבען פון דער שולע נאר תענוג. ווען זיי קומען פון דער שולע איז א גאנץ לעבען: מען חזר'ט זיך די אויפגעגעבענע לעקציעס, מען זינגט די פרעמדע גוי'שע לידער ביז מען ווערד אנשלאפען, עס איז דא אינטערעסע, וואס זיי וועלען דאס נישט פארגעסען אזוי לאנג זיי וועלען לעבען. אין דער שולע לעבט אלעס, דער למוד איז פונ'ם קינדס לעבען און נאך מעהר פון אלעם געווינט זיין הארץ דאס זינגען, דאס בינדט איהם צו צום לעהרער און צו דער שולע מיט שטארקע שטריק, דאס פארהערליכט איהם דאס לערנען און ער האלט עס פאר דעם העכסטען אין לעבען. און ממילא ווערען אונזערע קינדער צוגעבונדען צו דעם פאלק, וואס אין זיין גייסט זענען די שולביכער געשריבען און די יודישע קינדער ווערען פארפרעמדט צו אונז און זענען מבזה דאס יודישקייט, וואס איז ביי זיי אזוי טוידט, אזוי אהן א טעם און אהן א ריח.

נאך ערגער קוקען אויף דאס יודישקייט די קינדער וואס געהען גאר נישט אין חדר אריין, נאר האבען א יודישען לעהרער אין דער היים, וואס לעהרנט מיט זיי אביסל חומש יוצא צו זיין אדער די יודישע קינדער אין די דערפער, וואס האבען נישט קיין חדר נאר א פריוואט־לעהרער. אזא יודיש לערנען איז שוין גאר נישט ווערט, ווען די קינדער געהען אין א פאלקס־שולע אריין אויך. דעם גרויסען חלוק, וואס דאס קינד זעהט צווישען יענעם לערנען און צווישען דעם לערנען קאן עס זיך נישט ארויסשלאגען אוים דעם קאפ קיין מאל. דאס יודישקייט בלייבט ביי איהם א טפל, א זאך וואס מען קאן זיך דאראהן באגעהן, א נאך גע'שלעפטע זאך, וואס שטערט נאר און מען מוז עס פטור ווערען. דער טעם פעהלט, ער פיהלט קיין טעם ניט אין דעם יודישקייט. און דעם טעם קאן מען אין דעם קינד לייכט דערוועקען נאר דורך זינגען שענע יודישע לידער, צו דערוואריטען דאס הארץ און צו דערפרישען דעם גייסט.

אין די נייע מאדערנע יודישע שולען איז מייסטען טייל איינגעפיהרט דאס זינגען נאציאנאלע לידער, וואס זענען אזוי ווי א וואקס, וואס קלעבט צו דאס הארץ פונ'ם קינד צום יודישקייט. און אזוי ווי מיר קענען ניט אויף א מאל איינפיהרען איבעראל אזוינע שולען און מבטל זיין די חדרים מיט די פריוואט־לעהרער, מיזען מיר אלע אויפ־

---

# פעליעטאן.

## מיין ערשטער ראמאן.

פון

**שלום־עליכם.**

(פארטזעצונג.)

### דאס זעכסטע קאפיטעל.

(די ערשטע ליבע־בריוולעך צווישען חתן־כלה און דאס ערשטע פייערל צינדט זיך אן.)

איין ארבייט איז ביי אונז יא געוועון: אפנעמען די פאסט און ענפערען אויף די בריף, און בריף האבען מיר געהאט כמעט אלע טאג. איך זאג „מיר" האבען געהאט, ווייל מיר ביידע האבען בעדארפט אויף זיי געבען תשובה. די בריף זענען געווען געשריבען צו מיין תלמיד פון זיין „פיעל־געליבטער" כלה, האטש ער אליין האט זיך מיר מודה געווען, אז ער האט זי ווי־ניציג וואס ליב.

תחילת זענען די בריף געווען ניט אזוי אפט, איין מאל אין צוויי וואכען, איין מאל אין וואך, נאר פון זינט איך בין אנגעקומען, איז דאס שרייבען געווארען פארגרינגערט, און די בריף האבען אנגעהויבען געהן הין און צוריק אפטער און אפטער.

— נאט, לייענט איבער און ענפערט איהר אפ, וואס דוכט זי מיר א מת! — אזוי האט מיר מיין תלמיד איין מאל געזאגט און א ווארף געטהאן מיר אין פנים אריין זיין „פיעל געליבטער כלה'ס" א בריוועל.

איך האב איבערגעלייענט דאס בריוועל און ס'איז מיר געפעלען וואס זי שרייבט:

מיין ליבער טייערער חתן! דו ווייסט, עס האבען זיך מיר צו געגעסען דיינע גריסען, וואס זענען געראטען איינס אינ'ם אנדערען ווי, איין מאמע האט זיי געהאט, ווי צוויי טראפען וואסער, וואס געהען פון איין טייך. איך וויל הערען פון דיר עפים א פריש ווארט, אזא ווארט וואס זאל מיר דערווארעמען דאס הארץ און באלייכטען די נשמה. צו קאלט איז דאס הארץ! צו טונקעל די נשמה!...

פון מיר דיין געטרייע כלה......

איך האב ניט לאנג געטראכט און האב דערויף אפגעענפערט פאר מיין תלמיד בזה הלשון:

מיין ליבע געטרייע כלה! דו שרייבסט מיר, אז מיינע ווערטער זענען געראטען איינס אינ'ם אנדערען ווי איין מאמע האט זיי געהאט; ווי קאן דען אנדערש זיין, אז איין געפיהל האט זיי

פאדערען די מלמדים. זיי זאלען מאכען פאר א הויפט־למוד דאס זינגען. פארשטענדיגע מלמדים, נאציאנאלע משכילים זאלען איינפיהרען נאציאנאלע לידער צו זינגען יעדען טאג נאך דעם לערנען מיט די קינדער; אלטמאדישע מלמדים קענען אפילו זינגען מיט די קינדער „זמירות“, אדער שטיקלעך פונ׳ם דאווענען, וואס די קינדער מיזען זיי פריהער גוט פארשטעהן אדער אזוי נגונים, אבי זינגען. דאס זינגען איז א הויפט־זאך ביים לערנען און וועט פיעל נוצען ביי די קינדער באליבט צו מאכען דאס יודיש־לערנען.

אז איך האלט שוין ביים זינגען וויל איך נאך אויף איין חסרון אויפמערקזאם מאכען, וואס עס ווערד זעהר געפיהלט אין אונזער לעבען.

ביי אלע געבילדעטע פעלקער זענען דא געזאנג־פעראיינע. דאס איז א זעהר ניצליכע און וואלטועגדיגע איינריכטונג. דאס געזעלשאפטליכע זינגען פארבינדט די הערצער, דערהייבט דעם גייסט, גיט דעם גאנצען לעבען א בעזונדערען טעם און א נייע אינטערעסע. דאס הארמאנישע זינגען צוזאמען מיט גלייך געזינטע מענשען נאציאנאלע לידער שטארקט דאס נאציאנאלע בעוואוסטזיין, ברענגט אין די נשמות אריין ליבע און טרייע צום פאלק און צו די גבורים און גרויסע מענער פונ׳ם פאלק, עס גיט דער פאלקס־געשיכטע א נייע הערליכע פארב און אגלאנץ, וואס מען דערקענט זיי ניט ביים פראסטען לעזען די געשיכטע.

אונזערע יונגע לייט, איבערהויפט אין די קלענערע שטעדט, קלאגען זיך, אז אין דער פרייער צייט האבען זיי ניט וואס צו טון און ווי אזוי צו פארברענגען די צייט. זעהט איהר, אט דא איז דא א גרויס פעלד צום ארבייטען. אין יעדער שטאדט קאן מען לייכט גרינדען א געזאנג־פעראיין, וואס זאל האבען די אויפגאבע יעדע וואך צו בעשטימטע צייטען די מיטגלידער פון דעם פעראיין צוזאמען צו רופען, וואס האבען עפיס טאלענט צום זינגען און מאכען א נאציאנאלעם כאר. דער נוצען פון א נאציאנאלעם כאר איז גאר נישט צו בערעכענען. חוץ דעם וואס ער גיט דעם ציוניזמוס נייע לעבען און כח צו עקסיסטירען, וואס ער קלעבט צוזאמען די יוגענד, זיי זאלען זיך נישט לייכט אבשיידען פון איינאנדער, איז א נאציאנאלער כאר א בעשטענדיגע אנציהונגס־קראפט, צו צוציהען צו אונז די יוגענד און אויך ערוואכסענע, וואס האבען ליב געזאנג. און געזאנג האבען די יודען זעהר ליב, מעהר ווי אנדערע פעלקער. מען ברויך נאר צו דערמאנען מיט וואס פאר א קראפט די חסידים האבען פאר הונדערט יאהר דאס יודישע פאלק צו זיך צוגעצויגען, דערצי האט פיעל געהאלפען דאס זינגען, וואס האט זיך ביי די חסידים אזוי שטארק פארברייטעט. די פעולה איז געוועזן גרויס.

די חסידים האבען היינט שוין נישט קיין גרויסע פיהרער ווי זיי האבען געהאט פריהער און זיי האלטען זיך נאך היינט צוזאמען. דער וואקס, וואס קלעבט זיי צוזאמען, איז דאס זינגען און די געזעלשאפטליכע פריידען, וואס זיי האבען דערפון. לאמיר זיך זיי נעמען צום מוסטער. לאמיר אויך איינפיהרען אזא שיין געזעלשאפטליך לעבען ווי ביי זיי, פארבונדען מיט זינגען, וועלען מיר ניט־חסידים זיך אויך בעסער צוזאמענהאלטען און די ליבע ביי אונזערע קינדער צו אלעם יודישע וועט איינגעווארצעלט ווערען פון קינדוויים אן.

יא, אבער וואס זאל מען זינגען? עס זענען טאקי דא פיעל נאציאנאלע לידער מיט מעלאדיען. אבער אז מען געהט גרינדען נאציאנאלע כארס, וועט מען זעהען, אז עס פעהלען וויכטיגע לידער. יא עס פעהלען אונז וויכטיגע לידער, איבערהויפט עפישע *) און היסטארישע, חאטש אונזער געשיכטע איז גענוג ריך. די געשיכטליכע פעריאדען למשל פון די חשמונאים, פון די נאציאנאלע מלחמות מיט די רעמער, פון די קרייצציגע און אויך מאנכע פעריאדען פון דער ביבלישע געשיכטע און פון דער נייער צייט, טייל פאלקסזאגען, און אלטע לידער וואלט מען געקאנט בעארבייטען און אונז שאפען עפישע לידער.

שמעון מנחם לאזאר.

*) מעשות וועלכע עס ווערען דערצעהלט אין לידער די גבורות פון בעריהמטע העלדען.

---

געבוירען? דו זאגסט אז זיי זעהען אויס ווי צוויי טראפען וואסער וואס געהען פון איין טייך; ווי קאן דאס אנדערש זיין, אז זיי געהען פון איין קוואל, פון איין הארצען? דו בעטסט ביי מיר א פריש ווארט; קאן דען זיין פרישער פון דעם ווארט „ליעב“? קאן דען זיין ווארעמער פון די ווערטער: איך האב דיך ליעב? קאן דען זיין ניט ליכטיג אויף דער נשמה, אז איך דערמאן זיך אן דיר, טהייערע טהייערע כלה?!...

פון מיר דיין געטרייער חתן...

דערויף האבען מיר אין גיכען באקומען א תשובה:

„ליבער טהייערער חתן!

דיינע זיסע ווערטער האבען מיך איצט־גם מאל דערפרישט דערווארעמט און ס׳איז מיר ליכטיג געווארען אין אלע ווינקעלעך. איך וואלט געמעגט שווערען, אז איך האב דערהערט א ניי מין געזאנג, א גן־עדן מעלאדיע פון א גוטע א טייערע א ליכטיגע נשמה, און איך האב דערפיהלט עפיס ווי א נייע הויט אויף זיך, עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז עס וואקסען ביי מיר פליגעל און איך שוועב, איך שוועב אין די לופטען און א גאנצע קאפעליע מלאכים געהען מיר אקעגען, בעגריסען מיך, טראגען מיר א גרוס פון מיין ליבען טהייערען זיסען חתן, וואס שרייבט אזעלכע זיסע ווערטער, וואס מיין הארץ און מיין נשמה זענען איהם אין גאנצען, אין גאנצען איבערגעגעבען פון איצט אן און אויף תמיד, אויף אייביג!

פון מיר דיין דיך ליבענדע און תמיד געטרייע כלה...

דערויף האבען מיר איהר באלד אפגעענפערט די דאזיגע ווערטער:

ליבע זיסע טהייערע און געטרייע נשמה מיינע!

ניין, דו האסט זיך ניט טועה געווען, מיין טהייערע כלה! נישט קיין פשוט׳ע קאלטע ווערטער זענען דאס געוועזען, נאר געפיהלען, וואס גיסען זיך ארויס גלייך פונ׳ם הארצען און גיסען זיך אריין צו יענעם; פערעם, וואס ציהען זיך גלייך פון דער נשמה און ציהען צו צו זיך און פארבינדען און פארקניפען צוויי יונגע נשמות אויף שטענדיג, אויף אייביג, אויף אייביג! אט א יענע איינענע קאפעליע מלאכים, וואס האבען דיר אפגעגעבען א גרוס פון מיר, האבען מיר געבראכט צו טראגען פון דיר נאך אסך פריינדליכערען גרוס, און מיט דער אייגענער קאפעליע מלאכים שיק איך דיר איבער איצטער, מיין טהייער הארץ, א הייסען קוש, א היילינגען קוש פון דיין אייביגען פריינד, וואס טראגט דיין ליכטיג געשטאלט ביי זיך אין הארצען תמיד אויף דער וואהר און אין חלום.

פון מיר דיין ברענענדיג פארליבטער חתן...

# דער שרעק אין דובאסאר.

איך קען דובאסאר... א שטאדט, וועלכע האט זיך ברייט צעווארפען אין דער לענג פון ברעג טייך דניעסטער... א גרויסער פלאץ, וואו עס שטעלט זיך אלע זאנטאג דער מארק. דארט שטעהען געדיכט אלע קראמען און קלייטען, גרויסע און קליינע הילצערנע הייזלעך, אין וועלכע דאס רוב געפינט זיך אויך קליינע קלייטלעך, מיט אלערליי סחורות פאר די שטאדט־לייט און פאר די פויערען, וואס קומען אן פון די דערפער איינקויפען.

צווישען די אלע געבייעדען ווארפט זיך אויך דורך פארשידענע געמויערטע הייזער אין איין אדער אין צוויי שטאק. דאס רוב שטעהען די הייזער ענג ווי צוגעשטיפט איינס צום אנדערען, נאר וואס נעהנטער צום ברעג פון דניעסטער שטעהען די הייזער שיטערער, אלע איינגעטונקען אין גערטנער און דורך געדיכטע ביימער קוקען ארויס די הייזלעך ווי מיט אויגען. שען און ברייט לויפט ביי דובאסאר דער דניעסטער און נאך א בעזונדער שענקייט געבען צו דעם ברעג די פיעל גערטנער, וואס טובל'ען זיך אפט אין דניעסטער, ווען ער צעשפיעלט זיך פאר פסח, ווען דאס אייז צעגעהט זיך...

דובאסאר געהער צו חערסאנער גובערניע און דער דניעסטער גרענעצט זי מיט בעסאראביע. איינוואהנער צייהלען זיך אין דעם שטעדטל 15 טויזענט, צווישען זיי בערך צוויי דריטעל יודען, צווישען די קריסטליכע איינוואהנער אין שטאדט און אין די נאהענטע דערפער געפינען זיך דאס רוב מאלדאוואנעס, וועלכע לעבען פון תמיד אן בשלום מיט יודען.

דעריבער איז ניט דא זיך פיעל צו שרעקען פאר דעם אומגליק וואס האט געטראפען דובאסארער יודען; שרעקען דארף מען זיך נאר, וואס די ערשטע פאלשע ידיעה, אז די רציחה איז געוועזען מיט א רעליגיעזען צוועק, האט געבראכט די קישענעווער צייטונג „בעסאראבעץ" וואס געהער צום בעוואוסטען אנטיסעמיט קרושעוואן. שרעקען דארף מען זיך אויך נאר דערפאר, וואס דער „בעסאראבעץ" האט אנגעהויבען „פאנטאזירען" מיט עלילת דם גראדע פאר פסח, ווען עס הויבען זיך אן די גרויסע ימים טובים, הן ביי קריסטען הן ביי יודען און ווען דאס פאלק האט צייט אין דער פרייער צייט אויך „צו פאנטאזירען", ווי דער „בעסאראבעץ" דרוקט זיך אויס. די דאזיגע פאנטאזיע פון „בעסאראבעץ" האט דער ערשטער אויסגעחאפט „נאוואיע ווערעמיע" און נאך אנדערע אנטיסעמיטישע בלעטער. אט אזוי הייבט זיך אן פון פאנטאזיעס קאכען קאשעס און עס ווערד מאכלים און יודען און די קריסטען, וואס האבען ליב שלום און ארדענונג, שרעקען זיך...

מיר זאגען נאך אמאל, אז די גאנצע שרעק איז נאר וואס די רציחה איז פארגעקומען פאר פסח: אין מיטען יאהר וואלט אזא רציחה אפילו ביי די אנטיסעמיטישע צייטונגען ניט געהאט דעם טעם, נאר אין דער צייט פון פאר פסח איז עפיס אנדערש... דאס איז איין עפידעמישע צייט פאר אזוינע פאנטאזיעס. און ווער ווייסט עס ניט, אז אין איין עפידעמיע־צייט, דארף מען זיין שטארק געהיט, יעדער בעזונדער דארף זיך היטען ווי פון איין אנשטעקענדיגע קראנקייט...

ערשטענס מיין איך אין די יום־טוב'דיגע טעג, ווען דער פראסט יודישער עולם, שפאציערט דעם גאנצען נאכמיטאג אין גאס און צוליב יום־טוב האבען זיי, ווי דער שטייגער איז, ליב זיך פרייהליך מאכען און דערפון ווערד פארשידענע סקאנדאלען אויף דער גאס, זאלען זיך דערפון היטען, ווארום איבערהויפט אונארדענונג הייבט זיך אן פון א קליינינגקייט, ווי א שרפה פון א שוועבעלע אדער פון א פונק, וואס לויפט ארויס פון א סאמאוואר.

צווייטענס אין דער צייט פון די קריסטליכע ימים־טובים, זאלען וויניגער יודען געהן קוקען ווי דאס פאלק הולעט אויף דער גאס.

דריטענס אויף די ירידים, וואס שטעלען זיך אלע וואך; אויף די ירידים אין די קליינע שטעדטלעך זאלען די יודישע קרעמער און די סוחרימ'לעך, וואס האנדלען אויף דעם מארק מיט די פויערען,

## דאס זיבעטע קאפיטעל.

(מאטעריאל פאר א נייעם בריפשטעלער).

א פונק ווערד אומגערן פארטראגען גאט ווייסט פון וואנען און פאלט אויף א שטרויענעם דאך, צינדט זיך אן פון דעם א פייערל; קומט דער ווינט און צעבלאזט דאס פייערל און עס ווערד א העליש פייער, א שרפה! א שרפה!

די ערשטע בריוולעך זענען געווען דער ערשטער פונק, וואס האט זיך צעבראכען, צעברענט און צעפלאקערט אין א העליש פייער; די בריוולעך זענען געווען וואס ווייטער אלץ הייסער און הייסער; דאס פייער איז געוואקסען וואס ווייטער אלץ גרעסער און שטארקער, עס האט אויסגעבראכען א גרויסע, א מוראדיגע שרפה ביי מיר אין הארצען, א פייער האט זיך צעווארפען אין מיין גאנצען לייב, אנגעצינדען מיינע אלע נערווען, איינגעזאפען און אויסגעקאכט מיין בלוט, מיך געמאכט קראנק, קראנק, אויס מענטש! איך האב פארלאהרען דעם אפעטיט צום עסען, איך האב אויפגעהערט שלאפען, איך בין ארומגעגאנגען ווי א צעדולטער. מיין נשמה איז געלעגען דארטען אין די בריוולעך, און אין זיי טאקע איז געווען מיין איינציגער טרייסט און מיין פרייד. א בריף אז עס פלעגט אנקומען איז געווען ביי מיר א יום־טוב. איך האב דעם בריף געפענט, איך האב איהם געליינט און איך דאב אויף איהם געענטפערט, מיין תלמיד האט נאר בעדארפט איהם איבערשרייבען מיט זיין האנט און איך האב איהם בעדארפט אונטערטרייבען צו דער ארבייט, און וויפיל האט דאס מיך געקאסט בלוט, אז איך האב בעדארפט טראגען דעם וועהטיג איינוויינג ביי זיך אין הארצען טיעף טיעף פארבארגען, בעהאלטען זיך בחדרי חדרים מיט'ן קאפ אין קישען און שטילערהייד זיך אויסוויינען, אויפשטעהן און מאכען א פריילעך פנים און זיך זעצען מיט מיין ליבען תלמיד צו דער ארבייט—שפיעלען אין „דאמקעס" אדער אין „זעכס און זעכציג".

איין שטיקעל גליק איז געווען, וויס קיינער האט נישט באמערקט אויף מיין פנים, אז איך געה אויס, אז איך צאנק ווי א ליכט. איין שטיקעל גליק וואס מיין תלמיד האט זיך צו מיר ניט אזוי שטארק צוגעקוקט; ווען ער זאל זיך צו מיר שטארק צוקוקען, וואלט ער מיך געוויס געכאפט. איך שטעל מיר פאר, וואס פאר א פנים איך וואלט ביי איהם געהאט אין די אויגען, ווען ער זעהט מיך קישען זיין כלה'ס בריוולעך פון אלע זייטען!... און ווי אזוי קישט מען ניט אזעלכע בריוולעך? זעהט אליין וואס זי שרייבט צו מיר:

„מיין ענגעל! מיין נשמה! מיין טרייסט!

איך דארף דיר זאגען דעם אמת, איך בין זיך מודה פאר דיר, מיין טהייערער, אז איך האב דיך ביז אהער ניט געקענט. איך האב מיר קיין מאל ניט פארגעשטעלט, אז איך וועל גע־

זיין געהיט און ניט דערלאזען צו דער קלענסטע מחלוקת איבער קויפען און פארקויפען.

געוויס וועט די גאנצע שרעקליכע געשיכטע, וואס איז איצט פארגעקומען אין דובאסאר זיך ענדיגען בשלום, דאס הייסט, מען וועט מסתמא געפינען די פארברעכער, וואס האבען גע'הרג'עט דאס אונשולדיגע יונגל און וועלען בעשטראפט ווערען.

נאר אין א צייט פון דער עפידעמיע שאדט ניט צו זיין געהיט, ניט נאר אין דובאסאר, נאר אויך אין אנדערע שטעדט אין דער „טשערטא", וואו דאס רוב איינוואהנער זענען יודען.

יעדער יוד דארף ניט נאר זיין אליין געהיט, נאר אויך ווארענען דעם צווייטען אין דעם.

מ. חיות.

# די רציחה אין דובאסאר.

די צייטונג „נאוואיע ורעמיא" טעלעגראפירט מען:

קישענעוו. 4־טען מארט. מען האט בעקומען ריכטיגע ידיעות, אז די יודישע איינוואהנער פון דער שטאדט דובאסאר אם דניעסטער זענען בעלאגערט פון פויערן. די סבה איז דאס פארפאלען ווערען פון א קריסטליך יונגל ריבאלענקא, וועלכער איז אריינגעגאנגען אין א יודיש געוועלב צו קויפען טאבאק און איז פון דארט שוין צוריק נישט ארויסגעקומען, און אויף דעם צווייטען טאג האט מען איהם געפונען א גע'הרג'עטען אין א גארטען מיט 18 ראנעס אין בויך, אויף דעם האלז און אין קאפ, וועלכע זענען געמאכט געווארען מיט א שארף געצייג; דאס לינקע אויג איז אויסגערונען, די קליידער צעשניטען. א סך זענען חושד, אז דאס איז א מארד וועגען א רעליגיאן־צוועק. דעם רוצח האט מען נאך נישט געפונען, מען מאכט א חקירה ודרישה.

די צייטונג „בעסאראבעץ" פון קישענעוו שרייבט וועגען דער רציחה אין דובאסאר:

מיט צוויי וואכען צוריק האבען אייניגע קריסטליכע יונגלעך פון 10 ביז 12 יאהר זיך געלאזט נאך מיטאג צום טייך דניעסטער. צוויי פון זיי האבען זיך באלד אבגעטיילט פון די אנדערע און זענען געגאנגען צוריק אהיים אין דובאסאר. פארביינגעהענדיג א יודיש געוועלב איז איינער פון די יונגלעך, ריבאלענקא, אריינגעגאנגען אין געוועלב צו קויפען טאבאק. ריבאלענקאס חבר איז געבליבען ווארטען אויף דער גאס, נאר אז ער האט אבגעווארט כמעט א שעה האט ער אנגעהויבען ווערען אונרוהיג. אין דער אייגענער צייט איז פון געוועלב ארויסגעגאנגען א יוד און האט דאס יונגל געפרעגט אויף וועמען ער ווארט. דאס יונגל האט ערקלערט און דער יוד האט איהם געזאגט: „געה אהיים, דיין חבר וועט דיר שוין אנזאגען". ער האט געווארט נאך א ביסל און אז ער האט זיך נישט געקאנט דערווארטען אויף ריבאלענקען איז ער אוועק געגאנגען.

די קרובים פון ריבאלענקא זענען געווארען אונרוהיג, האבען איהם אנגעהויבען זוכען און סוף כל סוף האט מען געפונען אויפ'ן צווייטען טאג אין א גארטען א צעהרג'עטען גוף, וואס איז נאך געווען ווארם. ווי עס ווייזט אויס האט מען איהם נישט לאנג אריינגעווארפען אין גארטען.

די פאליציי האט געהייסען דעם געהרג'עטען בעגראבען.

צוויי וואכען שפעטער איז אנגעקומען א דאנאס, צוליב יעלכען עס זענען געקומען אין דובאסאר דער פראקוראר פון אדעסער אקרוזשנאי סוד ה' זאכארעוויטש און א דאקטאר פון טיראספאל. דעם צווייטען מארט האט מען ארויסגענומען דעם געהרג'עטען יונגעל פון קבר און מען האט איהם אונטערזוכט. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס יונגעל איז געשטארבען דורך די 18 ראנעס, וואס מען האט איהם געמאכט מיט שארפע געצייג אין בויך, אויף דעם האלז און אין קאפ. דאס לינקע אויג איז אין גאנצען אויסגערונען, די קליידער צעשניטען.

דעם רוצח האט מען נישט געפונען.

---

פינען אין דיר אזא קוואל פון סאמע נעהויבענע געפיהלען, פון סאמע הויכע געדאנקען, פון סאמע טיפען פארשטאנד און אזא איין אוצר פון וויסענשאפט! פון דיינע קלוגע ווערטער, זעה איך ארו"ם ווי ווייט די ביזט באלעזען, ווי ווייט דו ביזט פול אומעדום! און עס וואונדערט מיך זעהר, פאר וואס האב איך דאס נישט געוואוסט פריהער? דאס באווייזט מיר נאר דיין תמימות מיט דיין פראסטקייט, וואס נעבען דיר צו חן אין מיינע אויגען נאך מעהר ווי ביז אהער. זאל איך מיך ניט שעצען פאר איינע א גליקליכע, וואס מיין גורל איז געפאלען אויף א מענשען, וואס אין איהם שפיגלען זיך אפ אלע בעסטע מעלות: שיינקייט, קלוגשאפט, קענטעניס, תמימות און גוטסקייט? — דיין גוטסקייט קוקט ארוים פון דיינע זיסע קלוגע ווערטער, דו טהוסט מיך באשיטען מיט דיינע ליבע בריף פון דיין מילדער האנט און איך דאנק דיר, איך דאנק דיר טויזענט מאל און איך בעט דיך אויף ווייטער נישט פארגעסען

דיין געטרייע און אויף אייביג דיך ליבענדע כלה...

דערויף האב איך איהר געענטפערט אביסל פארשטעלט:

מיין טהייערע, מיין ליבע, מיין קלוגע און מיין וואהלע! דו האסט מיך ניט געקענט דערפאר ווייל דו האסט מיך ניט געזעהען, און דער וואס דו האסט געזעהען איז געווען ניט איך, נאר איין אפשיין פון מיר. שטעל דיר פאר, אז מיר האבען זיך נאר וואס בעקאנט, אז מיר האבען זיך נאך גאר נישט געזעהען, אז מיר ביידע זענען נייגעבאהרען און אך! ווי גליקליך זענען מיר, וואס מיר קענען נישט די וועלט, די פאלשע ביטערע וועלט מיט די פאלשע ביטערע מענשען...

פון מיר דיין שטערבליך פארליבטער חתן...

האב איך באקומען פון איהר אזא מין ענטפער:

מיין ליבער, מיין טהייערער, מיין מלאך פון גאט! דיין זיסען בריף, וואס איך האב ערהאלטען איז פאר מיר געווען אספר החתום, א מין רעטעניש, דו שרייבסט אזוי פארשטעלט, אז איך בעדארף מיר לאנג ברעכען דעם מח ביז איך זאל דיך פארשטעהן, און מיר דאכט, אז איך מעג מיך איבערנעמען און זאגען אז איך פארשטעה דיך אקוראט, דו זאגסט, אז מיר דארפען זיך שעצען גליקליך, וואס מיר קענען נאך נישט די פאלשע ביטערע מענשען? ס'איז א סימן, אז איך בין טאקי איינע אין אומגליקליכע, ווארום איך קען שוין גראדע יא די פאלשע ביטערע וועלט מיט די פאלשע ביטערע מענשען! און ווי זיס איז מיר צו דענקען, אז ס'איז פאראהן חאטש איינער א לייטישער און א פיינער, איין אמת'ער, א קלוגער און א גוטער מענש, און דער איינער—דאס ביזט דו, מיין אויסדערוויילטער און באשערטער!

צווישען די איינוואהנער פון דובאסאר געהען ארום פארשידענע קלאנגען, אנדערע פאנטאזירען, אז די רציחה איז געשעהען וועגען רעליגיאנס-צוועקען.

די צייטונג „דער פריינד" שרייבט מען דעריבער פון דובאסאר:

שוין זייט צוויי וואכען איז אין אונזער שטאדט שרעקליך די לאגע פון יודען. אלע געהען ארום אין שרעק, מען האט מורא פאר אונרוהען. די סבה דערפון איז פאלגענדע: פאר צוויי וואכען דאנערשטאג ביי טאג האט מען געפונען א קריסטליך יונגל טוידט, געשטאכען מיט א מעסער אין עטליכע ערטער. דאס יונגל, וואס איז פון זאנטאג אן נעלם געווארען, מען ווייסט ניט וואו אהין, איז פון דעם דארף „גרויסע פאנטאנען", וועלכער איז נאהענט פון שטאדט. די בויערען האבען באלד ארויסגעלאזט א קלאנג, אז יודען האבען געטייטעט דאס יונגל, כדי צו נעמען זיין בלוט אויף פסח. א סימן האבען זיי געוויזען אז זיינע קליידער זענען געווען ריין אהן בלוט. ווען די בויערען קומען אין שטאדט און בעגעגענען א יודען, רעדען זיי נאר דערפון, און ווען דער יוד ווערד אויפגעבראכט, ענטפערען זיי איהם תיכף מיט זידלעריי. ווען א קריסטליך קינד וויל אריין געהן אין א יודישען געוועלב, שרייען זיי: געה ניט אריין, מען וועט דיר קוילען. אונזערע בעלי בתים זענען זעהר דערשראקען געווארען. און מען האט געשיקט א דעפוטאציע פון 3 מענשען צום גובערנאטאר. נאר זיי זענען פריהער געווען ביים איספראווניק אין טיראספאל און איהם דערצעהלט די מעשה. ער האט זיי צוגעזאגט צו טון אלעס מעגליכע, כדי צו פארהיטען די אונארדענונגען. דערווייל איז געשעהען א מעשה, אז איינער א יוד איז משוגע געווארען — און געהט ארום אין אלע גאסען און רעדט, אז ער ווייסט ווער עס האט דאס פארברעכען געטאן. אלע בויערען וועלכע ער בעגעגענט אויפ'ן וועג, זאגט ער: אז אמת יודען האבען עס געטאן. אויך אין אופראווע, בשעת דער איספראווניק איז געקומען, האט ער געשריגען: מען לאזט מיך ניט זאגען, ווער עס האט גע'הרג'עט דאס יונגל, אבער איך האב קיין מורא און זאג גאנץ אפען: — „יעקב דער רויטער, איך און נאך צוויי יודען זענען די מערדער פון יונגל, און אויך צוויי ווארא̈נעס", עס איז געווארען א גרויס געלעכטער און מען האט איהם אוועקגעפיהרט אין באלניצע און אויפ'ן דריטען טאג האט מען איהם אוועקגעשיקט אין חערסאן אין משוגעים-הויז. — דער היגער סליעדאוואטעל פיהרט די פארשונג וועגען דער רציחה, נאר דערווייל האט מען די אמת'ע מערדער נאך ניט געפונען. מען קלערט אז דאס יונגל האבען גע'הרג'עט זיינע קרובים, וועלכע קריגען זיך שוין לאנג וועגען א ירושה, אזוי ווי ער איז זיי אין וועג געשטאנען, זייער ציעל צו דערגרייכען, האבען זיי איהם געטייטעט; און כדי די שנאה צו יודען אויסצונוצען און פון זיך די שולד אראבצווארפען האבען זיי איהם גע'הרג'עט און געשטאכען גלייך ווי זיי וואלטען בלוט געצאפט. און נאכדעם האבען זיי איהם אנגעטאן צוריק זיינע קליידער און אוועקגעווארפען אין א גארטען נעבען דעם טייך דניעסטער. היינטיגען מאנטאג איז געווען איין אנהויב פון אונרוהען. ביי טאג א זייגער פיער האבען זיך צונויפגעקליבען עטליכע קריסטליכע יונגלעך און האבען געשלאגען איינינע יודען, ווענען זיי האבען געטראפען. נאר ס'איז געלונגען באלד איינצושטילען דעם עולם. ס'איז באלד געווארען א גערודער צווישען אלע איינוואהנער פון שטאדט, און ס'איז געבליבען אז פון איצט אן זאל מען בעוואכען די שטאדט אלע נאכט. די ערשטע נאכט האבען געוואכט ביז 300 מענשען. די צווייטע און די דריטע נאכט זענען אויך געווען מענשען אויף דער וואך, נאר פיעל ווייניגער. די איינוואהנער געהען ארום אין גרויס שרעק.

---

# פאליטישע ענינים.

(די שנאה צווישען דייטשלאנד און ענגלאנד, דער משפט שלום אין האג, דייטשלאנד און האלאנד, די לאגע אין מאראקא).

דאס גוטפריינדשאפט צווישען דייטשלאנד און ענגלאנד, וואס איז נאר לפנים געשלאסען געווארען, כדי צוזאמען מלחמה צו האלטען מיט וענעצועלא און ציהען דערפון נוצען, האט אויפגעהערט

---

זיי געזונד, מיין טייערער, שרייב מיר, וואס לייענסט דו אצינד און וואס פאר ביכער קאנסט דו מיר רעקאמענדירען צום לייענען? איך קוועטש דיר די האנט מיט גרויס ליבשאפט און בלייב אויף אייביג דיין געטרייע - געטרייע כלה.

האב איך איהר דערויף אפ געענפערט בזה הלשון:

מיין לעבען, מיין זעלע, מיין גן עדן! אז דו וואונדערסט זיך אזוי אויף מיר, היינט וואס פאר א חדוש, וואס פאר א רעטעניש בעדארפסט דו שוין זיין פאר מיר? איך האב מיר קיין מאל ניט פארגעשטעלט אין חלום אפילו, אז איך זאל האבען אזעלכע בריף פון דיר! פון די געצעהלטע לשון קודש ווערטער, וואס ווארפען זיך דורך אין דיינע בריף, זעה איך ארויס, אז דיר איז ניט פרעמד אונזער הייליגע שפראך, א! דערפאר אליין שעק איך דיך אזוי הויך, אז איך האב מורא, איך בין גישט ווערט דיין נאמען צו דערמאנען! — איך קוק אויף דיין פארטרעט און זאג צו זיך אליין: אט דאס איז זי, די אמת'ע יודישע טאכטער! אט דאס איז מיין אידעאל און פאר דיר בין איך גרייט אלע מינוט זיך מקריב זיין מיט מיין גאנצען לעבען! דו פרעגסט מיך וואס זאלסט דו לייענען? איך שיק דיר דא א גאנץ צעטעל פון די בעסטע רוסישע און אויסלענדישע קלאסיקער, ווי גאגאל, טורגעניעוו, טאלסטאי, דאסטאיעווסקי, פושקין, לערמאנטאוו שעקספיר, געטע, שילער, היינע, בערנע; איך האף, אז דו וועסט געוויס הנאה האבען, און שרייב מיר באלד ענפער, ווארום דער טאג, וואס איך האב פון דיר א בריף, איז ביי מיר א יום-טוב! לעב וואהל, מיין טייערע! לעב וואהל מיין געטרייע! ווי עס ווינשט דיר פון טיפען הארצען דיין דיך ליבענדער און איבער געבענער חתן...

האט זי מיר דערויף אזוי געענפערט:

מיין קרוין, מיין שאץ, מיין טרייסט, מיין הארץ! איך פארשטעה ניט וואס דו ביזט אזוי נתפעל געווארען פון אפאר לשון קודש ווערטער, וואס דו האסט באגעגענט אין מיינע בריף! לשון הקודש — דאס איז דאך אונזער נאציאנאל-שפראך, דאס חומש, דאס איז דאך אונזער איינציגער נאציאנאל-פאנד, אונזער גאנץ פארמעגען! וואס פאר א דאנק פארדיענט א יודישע טאכטער דערפאר וואס זי פארשטעהט יודיש! שעמען בעדארף זיך א יודישע טאכטער, אויב זי ווייסט ניט חאטש עטליכע שירים פון יהודה הלוי אויסווייניג. א חרפה און א בושה בעדארף זיין אונז אלעמען, אז א יודיש מיידל, וואס האט דורכגעמאכט אנימנאזיע, ווייסט ניט ווער איז מאפו, לעווינזאן, סמאלענסקי, גארדאן וכדומה אונזערע אייגענע קלאסיקער!... פאר דיין צעטל דאנק איך דיר פיעל מאל. עס טהוט מיר באנג, וואס איך האב די אלע

צוזאמען מיט דער מלחמה און עס איז גאר פארביטען געווארען אין א שנאה, און ווי געוועהנליך ווייזט זיך צוערשט ארויס די שנאה אין די פרעסע. די דייטשע פרעסע בעשעפטיגט זיך די לעצטע צייט זעהר שטארק מיט די אינערליכע פאליטיק פון ענגלאנד און זאגט נבואות, אז די היינטיגע רעגירונג, וואס ליגט אין די הענט פון באלפור און טשעמבערלען, וועט נישט לאנג האלטען, א ראיה איז, אז מען האט נישט לאנג געוועהלט צום פארלאמענט איינעם פון די דעמא־קראטען, איין ארבייטער און נישט דעם פון די קאנסערוואטיווער פארטיי, וואס מען האט אויך געשטעלט אלס קאנדידאט. די ענגלישע רעגי־רונג שרעקט זיך וועניג וואס פאר די דאזיגע וואהל, און קוקט אויף דעם ווי אויף א יוצא מן הכלל, דייטשלאנד אבער, וואס וויל גערן דערלעבען א נקמה אן ענגלאנד, האט אויפגעכאפט דאס נייעס און צעטראגט דאס אין אלע בלעטער.

און אין כעס איז דער עיקר דייטשלאנד דערפאר, וואס דעם ענין פון ווענעצועלא האט מען איבערגעבען צום משפט שלום אין האג. בכלל איז דייטשלאנד נישט גיחא דער גאנצער משפט שלום, זי האלט שטארק פון דער שיטה, וואס ביסמארק האט געגרינדעט, אז נאר דורך בלוט און פייער דארף די וועלט בעהערשט ווערען און ווער עס איז שטארקער דעם געהערט די וועלט. ווי לאנג דער משפט שלום אין האג האט זיך נאר פארנומען מיט דיני ממונות האט עס איהר נישט אויסגעמאכט, היינט אבער, אז ער האט זיך אונטערגענומען צו משפט'ען אויך גרעסערע און וויכטיגערע פראגען, איז דייטשלאנד דערויף שטארק ברוגז. דייטשלאנד זעהט, אז דאס איז שוין נישט מעהר קיין פוסטער חלום, נאר איין אמת, ווער ווייסט אויב ער וועט נישט צומשפט'ען אמאל, מען זאל פראנקרייך צוריק אוועק געבען עלזאס און לאטרינגען, וואס דייטשלאנד האט פון איהר צוגענומען. א זאך וואס דייטשלאנד וויל דערפון גאר נישט הערען, דייטשלאנד וויל נישט נאר נישט אוועקגעבען, וואס זי האט צוגענומען, זי וויל גאר צונעמען נאך פרעמדע לענדער, מיט וועלכע זי גרענעצט זיך.

עס איז א סוד, וואס אלע ווייסען עס, אז זייט דייטשלאנד איז פאראייניגט געווארען אין יאהר 1871 האט זי גרויס חשק בעקומען צו האלאנד, וועלכע וואלט איהר זעהר צונויץ געקומען, כדי צו פאר־שטארקען איהר ממשלה אויף די „רהיין פראווינצען". פאר דייטשלאנד איז זעהר וויכטיג, אז האלאנד זאל אויך צו שטעהן צו איהר און זיך מיט איהר פאראייניגען. מחמת כמה טעמים: ערשטענס ווייל דורך האלאנד קאן זי פארגרעסערען איהר מאכט אויף דעם ים, צווייטענס וויל דייטשלאנד פארמעהרען דעם צאהל פראטעסטאנטען אין איהר לאנד און דאס קאן זי נאר דורך האלאנד, וועלכע זענען פראטעס־טאנטען און ווידער, ווי מיר האבען שוין אויבען דערמאנט, איז אין האג, די הויפטשטאדט פון האלאנד, דער ארט פון דעם משפט־שלום, אויף וועלכען דייטשלאנד קוקט אזוי קרום. מחמת די אלע טעמים גלוסט זיך איהר שטארק צונעמען האלאנד אונטער איהרע פליגעל.

און דייטשלאנד האט גוטע אויסזיכט אויף צו בעקומען איהר ווונש, אין האלאנד הערשט נישט קיין מלך נאר א מלכה, וועלכע האט נישט קיין בן זכר, האט נישט קיין „יורש" אויף דער מלוכה און דעריבער וועט איהר גאנץ לייכט אנקומען זיך אריינמישען אין האלאנד. ווען די מלכה וועט שטארבען.

און האלאנד איז טאקי שטארק בעזארגט וועגען דעם. איהר ווילט זיך כלל נישט פאראייניגען מיט דייטשלאנד, זי ווייסט ווי דייטשלאנד בעהאנדעלט די פרעמדע פעלקער, איבער וועלכע זי פארשפרייט איהרע פליגעל, זי זעהט ווי עס געהט דארט צו מיט די פוילישע בעוואהנער פון פראווינץ פויזען. זיך האלטען געגען דייטש־לאנד, וועלכע וויל איהר פארשלינגען איז זי צו שוואך, גרינדען א רעפובליק ווי אין שווייץ, איבער וועלכע גאנץ אייראפא שיצט, איז איהר אויך נישט שטארק אנגענעהם. און איז איהר וועניג די דאגות, וואס על כל פנים איז דאס נאר א זארג אויף שפעטער, האט זי גרויסע זארגען וועגען די ארבייטער־פראגע, וואס האט זיך אין די לעצטע צייט שטארק פארגרעסערט און עס זענען גרויס אומרוהען אין לאנד.

קלאסיקער, וואס דו האסט מיר אויסגערעכענט שוין לאנג דורך געלייענט אין איינעם מיט נאך בעריהמטע שרייבערס און פאעטען, ווי למשל: בייראן, סוויפט, סערוואנטעס, דיקקענס, טעקקערעיי, שעללי, באלזאק, דאדע, הוגא, סענקעוויטש, ארזשעשקא און נאך און נאך אסך אנדערע. איך האב געוואלט עפיס נייעס, עפיס א פרישע זאך אויף צו לייענען און ניט קיין ראמאן, נאר איין ערענסט־ערענסט ווארט! פערבלייב געזונד, מיין ליבער און מיין דיסער, און שאך מיך ניט צו הויך, ווארום וואס „צו" איז איבעריג. איך בין א גאנץ געוועהנליכע יודישע טאכטער, וואס איז דיר איבערגעבען מיט לייב און לעבען, דיין געטרייע כלה...

האב איך איהר דערויף געענטפערט... נאר טאמער וואלט געווען גענוג שוין צו ברענגען בריף פון חתנ'ס צד, סאי פון כלה'ס צד? איך האב מורא, עס וועט אויסקומען ניט קיין ראמאן, נאר א בריף־שטעלער. איך דארף דא זאגען נאר איין זאך: די דאזיגע בריף ליגען נאך עד היום ביי מיר אין טישקעסטל באהאלטען, פארריקט העט ווייט אין א ווינקעלע, קיין בן אדם האט זיי נישט אנגעקוקט. זיי זענען ביי מיר טהייער ווי אלטע, אלטע כתבים, שטילע עדות פון מיינע ערשטע פריידען און ליידען; זיי זענען אויסגעטרוקענטע אפגעבליאקעוועטע בלומען אויפ'ן קבר פון מיין ערשטער ליבע, פון מיין ערשטען ראמאן.

(ענדע קומט).

# שידוכים

(א שמועס).

(ענדע).

ב.

אויף שידוכים־טון דורך שדכנים האבען מיר איין, חאטש שוואכען, תירוץ: נאך דער חתונה ווערד באלד דאס געברויך גרויס און די גאנצע חיונה מוז מען ציהען נאר פון דעם האנדעל—יודען האבען קיין פעלדער, קיין ניטער, קיין אמטען — דאס הייסט, פון געלד, און שמועסען ביי א שידוך פון געלד איז פאר די אמת'ע צדדים: חתן־כלה, באמת זעהר נישט פאסענד; דעריבער טאקי, ווי מיר האבען שוין אויבען געזאגט, ווערד דאס געמאכט דורך פרעמדע פארמיטלער...

איז אבער קשה א גרויסע קשיא: איז ווידער דאס געלד יא אזוי טייער, אז מיר מיזען דעריבער אנטרויען פרעמדע מענשען אונזער גאנצע צוקונפט, אינזער גאנץ לעבען, פאר וואס זשע פארשווענדען מיר אזוי פיעל אויף עפר ואפר, אויף שמאטעס, שטיינער און ביינער? פאר וואס מוז יעדע כלה האבען א שאק קליידער און דוקא טייערע, זיין בעהאנגען ווי א ציגיינער און חתונה האבען מיט א גרויסען פאראד?...

מיר אלע ווייסען זעהר גוט, ווי שווער עס קומט אן א יוד עפ'ס

די שאלה ווער עס וועט א מאל זיין דער „מושל", וואס בעאונ־רוהיגט האלאנד, די אייגענע שאלה מאכט אין מאראקא נישט נאר אומרוהען, נאר אומגליקליך דאס גאנצע לאנד זייט א פאר חדשים, וואס דער פרעטענדענט *) בו־האמארא געהט מיט זיין מחנה נעגען דעם כולטאן אבדול אזיז, און דאס גאנצע לאנד שטעהט אין פייער. קיין אמת'ען רעזולטאט ווער עס וועט מנצח זיין קאן מען נישט וויסען. די ידיעות, וואס קומען פון דארטען זענען זיך סותר. אט קומט א ידיעה, אז בו־האמארא איז דערטרונקען און אט קומט גאר, אז ער זאמעלט א נייע מחנה און גרייט זיך צו צו א שווערע מלחמה.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— אין פעטערסבורג רעדט מען, אז קומענדיגעס יאהר וועלען זיך דארט צוזאמענקומען אויף איין אספה אלע פארשטעהער פון די ביל־דונגס חברה אין רוסלאנד, כדי זיך איין עצה צו האלטען ווי צו פאר־ברייטערען בילדונג צווישען פאלק אויסער די שולען.

— אין ניכען וועט מען אין פעטערסבורג איינריכטען קורסען צו לערנען די וועלט־שפראכע „עספעראנטא". דער ערפינדער פון דיעזער שפראכע איז א יודישער דאקטאר אין ווארשא.

— איינינע ווארשעווער קאפיטאליסטען זענען זיך משתדל צו בע־קומען איין ערלויבעניש צו גרינדען אין דער זומער־וואהנונג „פלורע" אהייל־אנשטאלט לויט קנייפס מעטהאדע.

— די רייכקייט פון פראנצויזישען פאלק שטייגט פון יאהר צו יאהר. דאס קאן מען ארויסזעהען פון דעם געלד, וואס נעפינט זיך אין די דארטיגע שפאר־קאסע. אין יאהר 1847 זענען געבליבען אין די פראנ־צויזישער שפאר קאסע 358 מיליאנען פראנק, 1870—711 מיליאנען און אין יאהר 1901 שוין 3 מיליארד און 334 מיליאנען. מענשען וואס האבען געלד אין די קאסען נעפינען זיך איצט אין פראנקרייך 7 מיליאנען.

*) פרעטענדענט הייסט דער וואס האט תביעות און פרעטענזיעס אויף דער מלוכה.

— די הכנסה פון דער שטאדט ווארשא אין יאהר 1902 האט דער־גרייכט ביז 7,095,899 רובל.

— אין איין רוסישעס בלאט איז געדרוקט איין ארטיקעל, אין וועלכען עס ווערד פראיעקטירט, אז מען זאל, לעת עתה, איינפיהרען „צוואנג שולען", דאס הייסט, אז אלע וועלען מיזען שיקען זייערע קינדער אין די שולען צו לערנען. אין די 10 צענטראל גובערנעס פון רוסלאנד. אין די דאזיגע גובערנעס וועט נייטיג זיין צו עפענען 15,223 שולען, וועלכע וועלען קאסטען 12 מיליאנען רובל.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די יודישע געמיינדע אין ריגא האט בעשלאסען צו בויען א גרויסע שולע פאר בעל מלאכות. די געמיינדע האט צו דעם צוועק 70,000 רובל און נאך 30,000 רובל וועט געבען די חברה יק"א.

— דער רוסישער מיניסטער פאר וועגען און באהנען האט בדעה צו הייסען, מען זאל אריינגעמען אין די טעכנישע שולען מעהר יודען ווי דער געוועהנליכער צאהל.

— די פערוואלטונגס הויז פון דער שטאדט העלזינגפארס (פינלאנד) האט געשאנקען די יודישע געמיינדע א שטיק פלאץ צו בויען דערויף א שוהל.

— צו דעם אדעסער קאמיטעט, וואס טיילט מצות די יודישע ארימע לייט אויף פסח, זענען שוין אנגעקומען בקשות פון 10,000 יודישע פאמיליען. אזא גרויסע צאהל ארימע לייט איז אין אדעסא נאך קיינמאל נישט געוועזען.

— דער יודישער ווארשעווער באנקיער און דער רעדאקטאר פון דער צייטונג „Газ. тиражей" ה' פערעץ איז געוועהלט געווארען אלס מיטגליד פון דעם רוסישען האנדעל אין פאריז.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג וועט די צייטען בע־האנדלען די פראגע וועגען די יודישע לעהרער און זייערע רעכטע.

— דער יודישער אינזשינער טעכנאלאג ה. מ. העלער האט ער־פונדען א נייעם אפאראט צו פארהיטען די אייזענבאהנען פון אומגליקען, ווי מבינים זאגען איז דער דאזיגער אפאראט זעהר א גוטער.

— די צייטען איז ה' ליובארסקי, דער פארטרעטער פון יק"א אין פעטערסבורג, געוועזען אין דער יודישער קאלאניע נאגאר־טאוו (נהר־טוב,

צו פארדיענען, ווי פיעל שווייס, ווי פיעל בלוט, ווי פיעל גאל שטעקט אין יעדען איינציגען גראשען פארדיענסט. פליצלונג נעהמט מען דאס אלעס, אויף וועלכען מען האט אזוי לאנג געארבייט יאהרען און מען ניט עס אוים אויף צירונג, אויף קליידער, וואס פיעל מאל האט מען זיי אפילו נישט וואו צו הענגען (אויף שענק בלייבט שוין קיין געלד נישט און מען האט זיי נישט וואו צו שטעלען אין די ענגע דירות) און איידער מען דרעהט זיך אוים געהען זיי ארוים פון דער מאדע אדער זיי ווערען צו ענג... מען ניט דאס אוים אויף עסענווארג פאר הונדערטער מענשען!...

ווי פיעל נייטיגען פארדיענסט, וואלט געקאנט ברענגען דער קאפיטאל, וואס מען לעגט איהם אין די בלאטע אריין! ווי וואלט דער פארדיענסט צו נוץ געקומען נישט איין מאל אויף ברויט, דעם הונגער צו שטילען!... דאס אלעס ווייסט יעדער גאנץ גוט און דאך ענטשליסט זיך קיינער נישט דאס נארישקייט נישט צו טון, א חרפה!... ווי הייסט: יענטע פעשעס, אדער שרה ברייגים זאל נישט האבען שווערע ברילאנטענע אהרינג, א שווערע גאלדענע קעט, דימאנטענע פינגערלעך, בראנזאלע־טען, א פולען קארב קליידער און אויף איהר חתונה זאל מען נישט זעהר שען אויפנעהמען הונדערטער געסט?!... אי, נאך דער חתונה? ווער קלערט דאס אויף אזוי ווייט?...

דאס געשריי אויף דעם אלעם איז אפילו נישט ניי. פון דור־דורות אן שרייט מען און מען שרייט. נאך מיט הונדערטער יאהרען צוריק, בשעת „קהל" אין פוילען און אין ליטא איז נאך געוועזען א תקיף, האט מען, ווי מיר ווייסען פון אלטע פנקסים (קהל'ס ביכער) געמאכט דערויף פארשידענע תקנות. למשל, אז אויב דער נדן בע־טרעפט נישט מעהר, ווי 300 גולדען, טאר די כלה קיין זיידען קלייד נישט האבען, אויף די תנאים טארען מעהר נישט זיין ווי צעהן און אויף די חתונה — צוואנציג פערשוין. אלעס לפי הערך פון פאר־מעגען.

היינט קאנען מיר אזוינע תקנות נישט מאכען, און ווען מיר וואלטען זיי יא געקאנט האבען, וואלטען זיי ביי אונז נישט געוועזען תקנות, נאר „גזרות", שרעקליכע גזרות! ווארען באמת איז דען נישט שרעקליך צו מאכען אזוי איין אונטערשיעד צווישען מענשען, צו זאגען איינעם: דו קבצן איינער! פלוני בן פלוני האט געלד—מעג ער, דו אבער ביסט איין ארעמאן — טארסט דו נישט זיך צו איהם גלייכען; דו טארסט איהם נישט נאך טון!...

יא, ווען מיר הערען דאס פון אנדערע, ווען אנדערע זענען דאס אויף אונז גוזר, איז עס אונגעהייער שרעקליך, אבער פאר וואס זאלען מיר אליין דאס נישט פארשטעהן? פאר וואס זאלען מיר נישט פאר־שטעהן, אז עס איז גאר קיין חרפה נישט צו זיין נישט א גביר, נישט צו האבען הונדערטער, טויזענטער ארוים צו ווארפען אויף נאר נישט? פאר־

חערסאנער גוב׳) אונ האט די דארטיגע קאלאניסטען געזאגט, אז דער קאמיטעט האט בעשלאסען צו לייהען די לייה־געזעלשאפט וואס אין דער קאלאניע 1000 רובל אויף 10 יאהר.

**דייטשלאנד.** אין בערלין איז געשטארבען צו 73 יאהר איינער פון די גרעסטע פארשטעהער פון דער דארטיגער יודישער געמיינדע זיגמונד מאיר.

**ארץ-ישראל.** די נאציאנאל ביבליאטהעק אין ירושלים האט די צייטען בעקומען א גרויסע צאהל נייע ביכער. די אלמנה פון דעם יודישען פראפעסאר שפירא האט געשיקט 2000 ספרים. ד״ר חאזאנאוויטש, דער גרינדער פון דער ביבליאטהעק האט צוגעשיקט 2,500 ספרים. בסך הכל געפינען זיך שוין אין דער ביבליאטהעק 26,000 ספרים.

**מאראקא.** דער צושטאנד פון די יודען אין מאראקא איז פארבעסערט געווארען זייט דער פרעטענדענט בו האמארא האט געהאט די מפלה, ווען בו דאמארא וואלט אויסגעפיהרט וואלטען די יודען אין מאראקא גאנץ אומגליקליך געווען, דען ער וואלט די ווילדע אראבער ערלויבט צו טון מיט די יודען וואס זיי ווילען, כדי צו געפינען דערמיט חן ביים פאלק.

— דער קאמיטעט פון „כל ישראל״ חברים אין פאריז האט געשיקט פאר די ארעמע יודען אין פעץ 2000 פראנק אונ אין טאצא 500 פראנק.

**אפריקא.** קיין אפריקא זענען אנגעקומען מיט דער שיף „דאון קאסטעל״ 120 יודישע עמיגראנטען אונ די דארטיגע פאליציי האט זיי נישט געוואלט ארייגלאזען אין לאנד, די יודען אין קאפשטאדט האבען פאר די עמיגראנטען צונויפגעקליבען 6000 פונט שטערלינג, האט מען זיי אריינגעלאזט. די רעגירונג האט צוגעזאגט אריינצולאזען אויך אלע יודישע עמיגראנטען, וואס געפינען זיך איצט אין וועג.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— ווי דער „הדגל״ שרייבט איז ד״ר יפה פון די קאלאניע עקרון געפאהרען אין גליל, וואו ער וועט באקומען א שטיק לאנד פון א מיליאן דונאם בערך. דאס לאנד איז אונטער דעם ענגלישען שוץ אונ מען וועט עס פארקויפען—מיט גוטע תנאים—דעם אנפיהרער פון די ציונים ד״ר הערצל צו בעזעצען דערויף 70 טויזענד יודישע פאמיליע.

— אין קרעמענטשוג (רוסלאנד) וועט אין גיכען זיין א ציוניסטישע אספה פאר דעם גאנצען ראיאן.

— דער אדעסער קאמיטעט האט נישט לאנג געקויפט פאר די ארבייטער אין ארץ ישראל א שטיק ערד נישט ווייט פון דער קאלאניע „וואדי־חאנין״ אונ די ארבייטער האבען שוין אנגעהויבען צו בעארבייטען דאס שטיק לאנד.

— אין פעטערסבורג וועט קירצליך ארויס פון דרוק א בוך מיט דעם נאמען „ביבליאגראפישע פאר־צייכנונגען וועגען ציוניזם״. די פארפאסער פון דעם דאזיגען בוך זענען איינע פון די פעטערסבורגער ציוניסטען, וועלכע ברענגען איז זייער בוך א רשימה פון 4000 ביכער אונ ארטיקלען אין פארשידענע שפראכען וועגען דער נאציאנאלער בעוועגונג, דעם ציוניזם אונ ארץ ישראל. דאס בוך וועט האלטען 16 דרוק־בויגען.

---

# דער שותף.

— איך וויל אייך טאקי דערצעהלען — כ׳וועל דאס אייך דערצעהלען, אונ א צווייטען, אונ א דריטען אויך: כ׳וועל דאס אלעמען דערצעהלען, ווארום דאס איז א פארדרוס. איך בין גערעכט — איך קאן איין שווערען... שא, הערט! — משוגע בין איך ניט... איך האב, א דאנק גאט, אכט־אונ־זעכציג יאהר אויף דער וועלט אבגעלעבט „מיט לייטען גלייך״ — צו וואס וועל איך אויף אמאל משוגע ווערען?... אונ איהר מיינט, מיך ארט, אז זיי לויפען נאך מיר נאך אונ שרייען: „דער שותף... דער שותף געהט״... מיך ארט עס ניט... ווען איך זאל ניט האבען גאט אין הארץ, וואלט איך אמאל וועלען פון דער ערד אויפהייבען א שטיין, צי א ציגעל אונ פלעטען זיי דעם מח — אט די עכברושים!... פאסט עס דאך ניט פאר מיר: א יוד פון אכט־אונ־זעכציג יאהר, וואס האט א וועלט אבגעלעבט שטיל אונ ערליך, געה מאך יעצט סקאנדאלען... פלעטען א קינד א מח!... אויף קינדער איז א רחמנות... זיי זענען טאקי שקצים, אז מען קאן שוין פון זיי ניט פארטראגען — אט לויפען זיי ווידער... איהר זעהט? איהר זעהט, ווי זיי קוקען אויף מיר?... ווי די אייגעלעך ברענען אונ די שמאיע לויפט זיי פון מויל ארויס... איך וועל זיי ניט שווייגען — היינט וועל איך זיי ניט שווייגען... גיט מיר אייער שטעקען — צי וואס האלט איהר אין דער האנט? — איך זעה ניט גוט: די שליסעלעך פון קראם, צי פון שטוב — גיט זיי מיר... איך וועל זיי פלעטען... איהר הערט? זיי שרייען שוין: „דער שותף״... — או־או, שקצים!...

נאר, שפעטער... איך וועל זיי שוין בעצאהלען היינט... נאר איך וויל אייך דערצעהלען די מעשה, קומט מיט מיר אריין דערווייל אהער אין הויף... איך וועל זיך מיט זיי יעצט ניט אנהייבען, בכדי איך זאל מיין כבוד ניט פערלירען אין אייערע אויגען... זיי וועלען שוין זייערס בעקומען... נאר קומט, איך וויל אייך די גאנצע מעשה דערצעהלען, איך בין עלטער פון אייך, איהר מעגט הערען... אלע ווייסען — איך האב שוין אלעמען דערצעהלט... קומט נאר אין הויפל אריין, איך וועל די טיר אויך צומאכען, אונ זאלען מיך דארטען די משומדים זוכען אויף דער גאס...

...א שותף בין איך טאקי — וואס זאל איך לייקענען? איך זאג דאס אייך בסוד אונ איך קאן דאס אייך זאגען הויך, בקולי־קולות: איך בין א שותף! ווארום וואס איז א שותף? — צוזאמען א געשעפט

---

וואס איבערלעגען מיר זיך נישט, אז אפשר גאר פארקעהרט: געלד פארשווענדען קאן גאר דער, וואס א־בייט דערויף נישט, וואס אנדערע ארבייטען אויף איהם. אונ צו לעבען פון יענעמס שווייס, פון יענעמס ארבייט, איז איין אמת׳ע חרפה. כבן, נאך צו טון א זאך, וואס מען ברויך זיך איבער איהר צו שעמען, איז א ודאי א חרפה אונ א בושה!...

אונ באמת איז טאקי גאר נישט צו פארשטעהן: אז יענקיל דער קרעמער אדער חיים דער שוסטער מאכט שוין יא א חתונה „כיד המלך״ אונ די כלה איז בעהאנגען אונ בעקליידט גלייך מיט אלע גבירים׳ס טעכטער — נארט ער דען דאמיט די וועלט אונ יעדער מיינט שוין טאקי, אז ער איז אויך א גביר? ווייסט מען דען נישט, אז ער האט זיך פארשולדיגט איבער׳ן קאפ, בענראבען זיך לעבעדיגער הייט, פארקויפט זיין לעבען פארשידענע בעלי־טובה׳ניקעס?... די וועלט לאזט זיך נישט נארען!...

קהל מיט זיינע גזרות האט פארצייטענס נישט געקאנט אויספיהרען, נאר אפשר וועט אויפקלערען מעהר ווירקען, ווי גייטען, אפשר וועט זיך תאטש איינער מישב זיין אונ מעהר ווי איינעם ברויך מען דערוויל נישט. דער איינער וועט דינען טויזענטער פאר א מוסטער...

עזריאלעוו.



געמאכט — איז ביי אונז אויך אזוי געווען... ניט נאר אזוי, מיר האבען גאר נישט אויסגערעדט פריהער, אבער עס פארשטעהט זיך אליין... ווער פארשטעהט עס ניט?

מיט וועמען א שותף, ווייסט איהר דאך מסתמא: מיט שלום־חיים ראסניק. פינף־און־דרייסיג יאהר האב איך אויף דעם געשעפט געארבייט. ער פלעגט זיצען אין קראם; אין אנהויב איז ביי איהם נאר א קליין קרעמל געווען פון סוראווע לייגוואנטען און פויערשע גע־וואנטען, ער פלעגט נעמען די בעשטעלונגען פון שפיטאל, פון טורמע און פון דול־הויז, און איך פלעג אין דער היים ארבייטען. קיין געלד האב איך איהם ניט געגעבען. איך זאג דעם אמת — נאר וואס איז געלד?... שייך צו זאגען, איך בין ניט געווען איבריג... ביי איהם אין שטוב איז א בעזונדער חדר אבגעגעבען געווען פאר מיר, מיט א גרויסען טיש אין דערמיט, און איך פלעג מיר א שטיק סוראווע לייגוואנט אין 10—15 פאך צונויפלעגען, צי א שטיק געלען הארטען געוואנט און נעמען מיט'ן שער האקען און האקען... איך זאג אייך: די שער איז געווען גרויס און שארף, די אויערלעך ארום גענעהט מיט דיקען געוואנט און זי פלעגט בייסען דעם לייגוואנט, צי דעם געוואנט און שרייען: מהום! מהום!... הונדערטער ארשין פאר א טאג פלעגט זי צעבייסען. — א גאנצען טאג, פון 8 פריה ביז 11 נאכט, גלויבט מיר. פלעג איך אזוי שטעהן אויף די פיס, אנגעבויגען איבער'ן טיש, ארומטאנצען הער און הין מיט דער שער אין דער האנט און האקען.

אזוי זענען אוועק פריהער פינף־און־צוואנציג יאהר, און איך האב גאר ניט בעמערקט, ווען דער טאג געהט אוועק און ווען די נאכט קומט אן... איך האב נאר געווארפען אויפ'ן קאנאפ די צעשניטענע „סחורה", ביז דער סטעליע פלעג איך פאר א טאג אנווארפען. איך אליין האב געמוזט צעשניידען פאר דריי שניידער און צוויי נייטארינס, וואס פלעגען דאס ביי זיך אין דער היים נייהען. איך פלעג צושניידען און ארויסגעבען זיי פארטיג מיט אלע בענדעלעך און שטיקעלעך, וואו א „ווינקעלע" צוגעגעבען און וואו א „ברעגעלע". און איך האב געקארגט, געשפארט אין „סחורה", געמעקירעוועט, פארהיט, ווי אייגענע... וואס ארט אייך — ער האט געוואוסט אויף וועמען ער פארלאזט זיך: איך וועל ניט נאר יענעמס ניט פארנעמען, איך וועל מאכען פון צוויי — דריי...

פינף־און־צוואנציג יאהר — דערווייל האב איך מיין טאכטער חתונה געמאכט, מעהר האב איך ניט, ווי די איינע טאכטער... צו דער טאכטערס חתונה האט ער מיר, אמת, 50 רובל געגעבען: 25 רובל גאר אזוי, צי במתנה, צי איך ווייס ווי, און 25 רובל האט ער מיר אין א משך פון א יאהר צייט אבגערעכענט צו א האלבען־רובל א וואך. אזוי פלעגט ער מיר צאהלען 3 רובל א וואך. איך האב צו איהם גאר נישט, איך האב זיך מיט איהם קיינמאל ניט גערעכענט... איך בין איהם שטענדיג דער גרעסטער גוטער פריינד געווען. אז ער האט די גרויסע שטוב זיינע אויסגעמויערט, האב איך אויפ'ן חנוכת־הבית גע־סארוועט און געווען מלא־שמחה. ער האט געוואקסען און געוואכסען אין עשירות אויף מיינע אויגען, און איך האב נחת געהאט קוקענדיג, ווי פון מיינעם א זוהן... אז פון זיין קליין קרעמל איז א מאגאזין געווארען, און פון דעם איינעם — צוויי, מיט משרתים, מיט שרייב־טישען אין מאגאזין, האב איך מיך אמת געפרייט. איך פלעג שטענדיג אריין קומען אין קראם, אין מאגאזין הייסט דאס, און מיט הנאה צו קוקען די צוגעקומענע נייע מינים סחורות: פעלץ, קאלדרעס, טערקישע זאכען און נאך אזעלכע סחורות.

— וואס זאגט איהר. ווי אונזער קראם איז געווארען? — פלעגט ער מיר שטענדיג זאגען — איהר געדענקט, ווי ענג און קליין אונזער קרעמל איז אמאל געווען?

צי געדענק איך? א ודאי געדענק איך, איך געדענק אלעס. פריהער איז געווען אביסעלע, נאכדעם האט גאט רחמנות געהאט, איז מעהר געווארען, און נאכדעם — נאך מעהר. מיר זענען טאקי געווען ווי אייגענע מענשען. איך האב זיך ביי איהם אין שטוב מעהר געפונען, איידער ביי זיך. ער איז אין קראם, זי, דאס ווייב, שרה, אויך, און די קינדער זענען די גרעסערע אויבעט אין קראם געווען, און די קלענערע — אין חדר, אין די „גימנאזיעס", גאר איך פלעג אין שטוב בלייבען, און האב די שטוב אויך געהיט פון די דיענסטען גופא, פון בעטלער, פון גנבים... אויף מיר האט מען שוין אלעס פערלאזען, איך בין געווען זיינער.

איהר שמייכעלט. איהר ווילט שוין ניט הערען. און איך וויל אייך אלעס דערצעהלען, אט וועט איהר וויסען, צי בין איך משוגע... מען האט די קינדער אנגעלעהרענט, לויפען זיי נאך מיר נאך, ווי נאך יאשע־משה דעם משוגע'נעם... דאס איז אבער גאר נישט... איהר הערט.

ביי מיר זענען געווען אייניקלעך פון מיין טאכטער, און ביי איהם זענען געווען אייניקלעך פון זיין עלטערען זוהן, פלעג איך מיינע אמאל אין א שמיטה אנקוקען און זיינע שטענדיג מהנה זיין מיט קליינע רעשטלעך סחורה, העמדעלעך נעהען פאר זייערע קוקלעס. „דיאד!" פלעגען זיי נאר צו מיר קומען, מעהר איז קיינער אין שטוב ניט געווען.

...דערווייל זענען נאך צעהן יאהר אריבער, מיין אסתר, דאס ווייב, איז געשטארבען, און זיין ישלום — איהם צו לאנגע יאהר! — א יינגערער זוהן, א דריטער שוין, האט חתונה געהאט. איך בין אפילו אויף דער חתונה געווען. אלץ איז א חלום, ס'געהט אוועק ווי א חלום, ווי דורך א רויך. געווען, צערינען — ניטא... אזוי איז די גאנצע וועלט... איך בין שוין אלט געווארען, ניט די יאהרען האבען מיך אלט געמאכט, נאר די הארעוואניע, די פיס, אי, די פיס! איך קאן גאר ניט איינשטעהן אויף זיי, און די אויגען... אט דאכט זיך מיר איצט, אז עס איז פינסטער, שווארץ, און איהר שטעהט דארטען ערגעץ, ווייט פון מיר. איך זעה כמעט גאר נישט, איבערהויפט זעה איך ניט עפיס א ווייסע זאך, עס האט זיך מיר א פנים צוגעקוקט.

אויף דער עלטער איז די שער שטארקער געווארען פון מיר, זי איז יונגער, דאס איז די צווייטע שער מיינע, ערשט א יאהר צעהן, אז מען האט זי פאר מיר געקויפט. די אמאליגע שער האט זיך צעבראכען, שטאהל, אייזען ברעכט זיך אויך! בפרט א מענש!

אט בין איך געבליבען פטור בלא־כלום... און איך האב מיין לעבען אויפ'ן געשעפט געלעגט... און אז איך בין זיצען געבליבען

ביי מיר אין דער היים גאר אזוי, האט ביי מיר פשוט דאס חיות אנגעהויבען אויסצוגעהן... אויס מענש וועד איך... איך קאן אין דער היים ניט זיצען... בסוד וועל איך אייך זאגען, האב איך טאקי ניט פון וואס צו לעבען אויך... מע שענקט מיר א נדבה, דער, יענער, ער פלעגט מיר אויך געבען ביז א האלב רובל א וואך. איצט נעם איך ביי איהם שוין ניט... איצט איז אנדערש...

פלעגט מיך אלץ ציהען פארביי דעם קראם צו געהן, שטעלען זיך פון דערווייטענס און קוקען, אט אויף וויפיעל איך זעה חאטש, אלע טאג געה איך און שטעל מיך נעבען קראם... יעדער מענש האט אבער שונאים, רינגלען מיך ארום די זייטיגע קרעמער און הויבען אן מיט מיר צו רעדען מיט שטעך-ווערטלעך אויף איהם, אויף שלום-חיימ'ען.

— וואס מאכט אייער שותף? — פרעגען זיי מכלומר'שט — איהר האט איהם גוט אויף די פיס אוועקגעשטעלט... און זעהט, ווי איהר האט זיך איצט מיט די שותפות צעטיילט...

יענע האבען דאס געמיינט נאר פון שנאה וועגען, ער איז רייכער פון זיי און א גרויסער בעל-שפע, וואלטען זיי איהם וועלען מיט עפיס א שטאך טון, חאטש אונטער די אויגען...

בקיצור, שותף, שותף — מען האט מיר דעם קאפ אנגעדולט... „א ודאי, א שותף!"... הויב איך אויך אן צו קלערען, איך האב געוויס א חלק, און הויב אן מיט איהם שנאה צו פיהרען. איך טענה אויך... דאמאלס לאכען זיי פון מיר — אט די זעלבע קרעמער...

רשעים! מענשען זענען דאך רשעים. פריהער רעדען זיי מיך אן און נאכדעם לאכען זיי פון מיר... מילא קינדער, איך זאל זיי מיט א שטיין דעם מח פלעטען — זענען זיי דאך קינדער... אבער גרויסע לאכען דאך פון מיר איצט, אין הויפען לאכען זיי פון מיר...

— א שוטה, איין אלטער שוטה — זאגען זיי אויף מיר — ביי דער ארבייט שטעהענדיג, האט ער זיך אויסגעוועבט, דעם שכל פאר־לארען"... און מע מאכט מיך משוגע, מע לויפט נאך מיר נאך אין די גאסען און מע שרייט: „דער שותף געהט!"...

...א שותף בין איך דאך טאקי אביסל, זיי אליין האבען דאס מיר אויפגעטאן, טא וואס זשע לאכען זיי? מיין פלעמיאניקל — מיין שוועסטערס א זוהן, א געענדיגטער אדוואקאט, ער האט אויף זיך גאר א גוטען קאפ, האב איך דאס איהם דערצעהלט... ער גיט מיר עפיס, ווען איך קום צו איהם אריין, האט ער אלץ געקוקט אויף מיר און געהערט, געקוקט און געהערט און שטארק זיך פארטראכט, געזעסען און געקלערט, און ער האט געזאגט — ווייסט איהר וואס ער האט געזאגט? ער האט אזש מיט א זיפץ געזאגט: „לאכען איז ניטא וואס"... אזוי האט ער געזאגט.

...איהר שמייכעלט נאך איצט אויך, א שותף, וואס הייסט? איך דערצעהל אייך אבער די מעשה. איך דערצעהל אלעמען, וואס קאן וועד אויף דעם זאגען? אי, וואס? די קינדער שרייען: „דער שותף", וואס זאל איך טון? איך זאל זיי פלעטען דעם מח — קאן איך ניט, זיי זענען דאך קינדער!... איך זאל אויף דער גאס ניט ארויס־געהן, ציהט מיך עפיס פארביי מאגאזין צו געהן, ס'ציהט מיך... געה איך...

ליפמאן-לעווין.

# פון אלסדינג צו ביסלעך.

(שמועסען פון אלערליי וויסענשאפטליכע ענינים).

פון ד"ר י. לאקומאוויטש.

## נ. א. ניעקראסאוו'ס יאהרצייט.

אט דא ניט לאנג איז געווארען 25 יאהר, זייט דער בעריהמטער רוסישער פאעט (דיכטער) נ. א. ניעקראסאוו איז געשטארבען.

איך האב אבער זעהר מורא, אז עמיצער זאל מיך פלוצים ניט אנחאפען ביים לאץ און זאל מיך ניט אבשטעלען מיט א קלאץ-קשיא: „ניעקראסאוו, זאגט איהר, איז געוועזען א בעריהמטער פאעט? זעהר שען!... אבער וואס פאר א מחותנים זענען מיר, יודען, מיט ניעקרא־סאווען בכלל און מיט זיין איצטיגען יאהרצייט בפרט? אז בסך הכל האט ניעקראסאוו גאר קיין מאל אין זינען ניט געהאט דעם יודען און האט זיך פאר זיין גאנץ לעבען, מיט קיין איינציג ווארט ניט אבגעע־רופען פאר דעם יודענס קריוודע, — היינט וואס איז מיט אונז די שמחה אזוי גרויס, וואס מיר זענען אויך מחויב פראווען יאהרצייטען?"...

אויף אט אזא מין קלאץ-קשיא וואלט מען אייגענטליך געקאנט און בעדארפט ענטפערען גאר א לאנגען תירוץ; נאר ניט דא איז דער ארט, וועל איך דעריבער ענטפערען דערויף בקיצור. ערשטענס וואו שטעהט עס געשריבען, אז א יוד דארף וויסען נאר דאס און אינטער־רעסירען זיך נאר דערמיט, וואס עס געהער זיך אן נאר מיט'ן יודען און ווייטער ניט? והשנית ווער האט עס מיט מיר אויסגענומען א תנאי, אז איך בין בפירוש מחויב צו שמועסען נאר מכח אזוינע ענינים, וואס האבען א שייכות נאר מיט אונז יודען? אדרבה, איך האב זיך אונטער־גענומען שמועסען מיט מיינע לעזער פון אלסדינג צו ביסלעך: היינט אז יא פון אלסדינג, פאר וואס זשע טאר איך ניט רעדען אביסל פון ניעקראסאווען אויך? חוץ דעם מיזען מיר געדענקען, אז קיין שונא ישראל איז ניעקראסאוו געוויס ניט געוועזען. ווארום ס'איז א כלל: וועמען עס ציהט דאס הארץ צום געדריקטען און גע־פייניגטען מענשען, ווער עס קלאגט אויף די צרות און ליידען פונ'ם פארוואגעלטען און פארשווארצטען קליינעם מענשעלע, — יענער מיינט דערמיט אלע צרות פון אלע מענשען בכלל, און אזא מענש פארדיענט, אז מיר, יודען, זאלען איהם אויך דערמאנען צום גוטען.

ובכן, הייסט עס, וועט ניט זיין שטארק קרום, ווען איך וועל מיך פרובען בעקאנט מאכען מיינע לעזער מיט דעם גרויסען ווערט, וואס ניעקראסאוו האט אין דער רוסישער ליטעראטור, און געבען זיי צו פארשטעהן דעם טעם, פאר וואס האט ניעקראסאוו אי ביים לעבען אי אפילו נאכ'ן טויט ארויסגערופען אזוי פיעל סכסוכים און אנגעמאכט אזוינע מחלוקות צווישען די לייט, וואס האבען גערעדט און געשריבען וועגען איהם און וועגען זיין פאעזיע.

עס קאן אבער זעהר געמאלט זיין, אז ניט אלע פון אייך, ברידערלעך, האבען א ריכטיגען בעגריף וועגען דעם. וואס איז אזוינס אייגענטליך א פאעט, און וואס איז דער חילוק פון א דיכטער ביז א פראסטען בשר ודם? ווארום עס איז דאך גלוי וידוע, אז ביי א סך מענשען איז יעדערער, ווער עס קאן אויפשרייבען עטליכע קורצע שורה'לעך מיט גראמען, שוין פאררעכענט פאר א פאעט... צום סוף,

מוזט איהר וויסען, זענען סתם קורצע שורה'לעך, אפילו מיט די שענסטע און בעסטע גראמען, אפט נאך זעהר ווייט פון אמת'ער פאעזיע, און פארקעהרט אויך די איינענע מעשה: עס זענען דא א סך אזוינע מחברים, וואס האבען אויף זייער לעבען ניט אנגעשריבען קיין צוויי גראמען, און וואס זייערע ווערק בעשטעהען דוקא נאר פון לאנגע שורות און דוקא אהן גראמען, און דאך זענען זיי אמת'ע און גרויסע פאעטען...

איין אמת'ער פאעט, ברידערלעך, איז דער, וועמען גאט האט געבענשט מיט איין איידעלען גייסט, מיט א הויכער נשמה, מיט טיעפע געפיהלען, מיט א שענער פאנטאזיע; ביי וועמען אלסדינג, וואס ער זעהט און וואס ער הערט, דרוקט זיך עס אב אינ'ם מח און רופט זיך אב טיעף אינ'ם הארצען; איין אמת'ער פאעט איז אימשטאנד אלסדינג, וואס ער פיהלט אליין, איבערגעבען יענעם מיט אזא האסטיגקייט, מיט אזא שארפקייט, מיט אזא כח, אז יענער זאל דערביי אנהויבען פיהלען פונקט דאס זעלבע, וואס דער דיכטער האט געפיהלט בשעת ער האט געשריבען זיין ווערק. דכלל דער אמת'ער פאעט שפילט אויפ'ן לעזערס הארצען, אזוי ווי דער רעכטער כלי־זמר אויף זיין פידעל, און וואס דער שפילער פיהלט ביי זיך אין הארצען בשעת'ן שפילען — דאס קלינגט זיך ריכטיג אב אינ'ם פידעלע...

נאר אפילו גאר אמת'ע פאעטען זענען אויך ניט אלע גלייך. עס ווענדט זיך, פון וואס און פון וועמען דער פאעט זינגט און דיכטעט. איינער למשל קאן נאר פיהלען און זעהר קונציג אויסמאלען די פראכט און די הערליכקייט פון א שענער ווארימער זומער־נאכט, בעת די ליכטיגע לבנה שווימט איבער'ן שטילען וואונדערשענעם הימעל און גיסט אראב איהרע בלייכע שטראהלען אויף דער פארכישופ'טער ערד... — אדער ער האלט למשל אין איין אייביגען זינגען וועגען בלויע אויגען, וואס רעדען שווייגענדיגערהייט און וועגען וואונדערשענע חן־גריבעלעך אויף די רויזען־בעקעלעך ביי א שענער נקבה... א ודאי קאן מען ניט לייקענען: דאס זענען אלץ זעהר גוטע און וואלע זאכען, די שענע ליכטיגע נאכט, און די בלויע, טיעפע אויגען, און דער ריח־ניחוח פון א שמעקענדיגער רויז, און די זיסע טרעלען פון א סאלאוועי, — און א ודאי איז טאקי אזוי וואל און אזוי גוט יעדען, ווער ס'האט דאס אלץ פארזוכט און געהאט דערפון פארגניגען!...

נאר מע דארף אבער דערביי ניט פארגעסען איין אלטען כלל, אז אפילו קרעפלעך קאנען זיך אויך צועסען, ובפרט חן־גריבעלעך אדער א בלייכע לבנה... און נאך מעהר מוז מען געדענקען, אז שענע, און ליכטיגע, און ווארימע נעכט איז דא ניט דער ערך ווינציגער, איידער פינסטערע, און נאסע, און קאלטע נעכט; מע מוז געדענקען, אז אפילו ביי דער שענסטער נקבה טרעפען זיך אינ'ם לעבען אזוינע צופאלען (און דוקא גאר ניט זעהר זעלטען), ווען פון איהרע שענע בלויע אויגען גיסען זיך ביטערע און הייסע טרערען; מע דארף ניט פארגעסען, אז ביי יעדער שמעקענדיגער רויז איז דא א סך שטעכענדיגע דערנער, און אז אין אונזער געמוטשעטען און געמאטערטען לעבען קאן מען א סך אפטער הערען דאס נמאס'דיגע זשיפען פון א בייזער שלאנג, איידער די זיסע טרעלען פונ'ם טייערען משורר, — דעם סאלאוועי... און א מענש, אויב ער איז טאקי א מענש אינ'ם בעסטען און שענסטען זינען פונ'ם ווארט, קאן ניט און טאר גאר ניט האלטען אין איין אייביגען זינגען און טאנצען, בפרט דעמאלט און דארט, וואו ער ווייסט זעהר גוט, אז ס'איז דא אהן א שיעור צעבראכענע און געדריקטע הערצער, און עס גיסען זיך טייכען־ווייז טרערען און עס הערען זיך זיפצען און קרעכצען... און טאקי דעריבער האבען ניט אלע מענשען תמיד חשק צו זינגען און צו לאכען, און דעריבער זענען טאקי דא א סך אזוינע פאעטען, וואס מע וואלט זיי געקאנט אנרופען „אייביגע קלאג־מוטערס", ווארום זייער הארץ הערט ניט אויף צו יאמערען און צו קלאגען אויף די צרות און אויף אלע פאלשקייטען, וואס קומען פאר אויף דער זינדיגער וועלט; ווארום אויף וואס זיי זאלען ניט א קוק טון, קומט ביי זיי אויס, אז אלסדינג איז בענאסען מיט ביטערע טרערען און בעשפריצט מיט'ן הייסען בלוט פון דעם פארשווארצטען און פארוואגעלטען ברודער...

און אט דערין, זעהט איהר, ליגט דער טעם פונ'ם אלטען און לאנגען, מע קאן זאגען, פונ'ם אייביגען סכסוך וועגען דעם אמת'ען בערוף און דעם ריכטיגען ווערט פון א דיכטער. — יש אומרים, איין צד טענה'ט, אז גאט האט געבענטשט זיין „אתה בחרתנ'שיק", דעם פאעט הייסט עס, מיט א רייכער פאנטאזיע, מיט איידלע, טיעפע רעיונות און מיט הויכע געפיהלען ניט צוליב דעם, כדי ער זאל ארומפויזען איבער דער שמוציגער ערד, אין שטויב און אין בלאטע, און זאל אויסזוכען וואו ערגעץ א צרה, וואו ערגעץ א שלאק און א מכה, און זאל מיט זיינע קרעכצען און זיפצען איבער אלע יענע מכות און צרות פאראומערען אונז תמיד דאס לעבען, וואס איז אהן דעם אויך ניט זעהר שען און ניט איבעריג זיס... אדרבה גראד פארקעהרט: דער אמת'ער פאעט דארף זיך תמיד האלטען אבגעטיילט פונ'ם וואכעדיגען לעבען מיט זיינע וואכעדיגע נידריגע דאגות און זארגען; דער פאעט דארף תמיד שוועבען אין דער הויך, אין דער שענער וועלט פון שענע און זיסע חלומות, און מיט זיינע זיסע לידער און מיט זיינע שענע בילדער דארף ער אונז ארויסשלעפען פונ'ם פינסטערען זומפ, וואו דער ארימער פראסטער עולם ליגט ווי א ווארם אין חריין און מיינט, אז קיין זיסערס דערפון איז אויף דער וועלט גאר נישטא... הכלל דער אמת'ער פאעט בעדארף אונז ניט טייטען מיט'ן פינגער אויף דער מאוס'ער און חשכ'דיגער ווירקליכקייט; פארקעהרט, ער בעדארף אונז בעלייכטען און בעשיינען אונזער ביטערע און פינסטערע מערכה מיט די ליכטיגע און זיסע שטראהלען פון דער „אייביגער שענקייט"... — אט דאס (דרש'ענט איין צד) איז דער אמת'ער בערוף פון איין אמת'ען דיכטער.

דער אנדערער צד טענה'ט עפּיס אנדערש.

ערשטענס, זאגען די, פארשטעהען מיר גאר ניט, וואס איז דאס פאר א שענקייט און נאך איין „אייביגע" דערצו, וואס זי האט ניט און דארף ניט האבען קיין שום שייכות מיט אונזער ווירקליכען לעבען! ווי אזוי קאן א מענש מיט א געזונטען און מיט א גלייכען מח פארבייטען דאס אמת'ע לעבען אויף די בעסטע און אפילו אויף די שענסטע חלומות? איין אמת'ער פאעט, שרייען זיי, דארף ניט און טאר ניט דערווייטערען זיך פונ'ם לעבעדיגען מענשען און פון זיינע צרות און ליידען; מע טאר ניט איינשלאפען א דערוואכסענעם מענ־

שען, א בר־דעת, אזוי ווי מע פארוויגט א פיצל קינד, מיט זיסע לידעלעך מכּח גאלדענע ציגעלעך, וואס ווּעלען איהם ברענגען ראזינקעס מיט מאנדלען: אדרבּה גראד פאַרקעהרט. דער אמת׳ער פּאעט דארף מיט זיינע פייערדיגע רעד ברענען און בּראטען דעם מענשענס הארץ. ער בּעדארף איהם תּמיד וועקען פון זיין לאנגען שלאף און פון זיין אייביגען דרעמלען, און מיט זיינע הייסע ווערטער צוגעבּען איהם חשק, ער זאל וועלען ראנגלען זיך מיט דעם פינסטערען היינטיגען טאג פאר א ליכטיגערען און פאר א בּעסערען מארגען. חוץ דעם ווער ווייסט ניט, אז מיטלייד אליין האט בּכח צו שטילען די וועהטאגען בּיים געשלאגענעם און פארגרינגערען דעם צער בּיים געפּייניגטען, — און דאס אליין איז שוין אויך זעהר א גרויסע זאך!...

על כּל פּנים (דרינגט דער אנדערער צד) טאר איין אמת׳ער פּאעט בּשום אופן ניט פארמאכען זיינע אויגען אויף אלדאס בּייז, וואס רינגעלט אונז ארום און ארום, און זיך מאכען כּלא ידע אויף אלע פורעניות און צרות, אויף אלע עולות און פאלשקייטען, וואס הערשען און געוועלטיגען אויף אונזער זינדיגער ערד. ווארום אפשר נאר טאקי צוליב דעם האט איהם גאט געשענקט די טייערע מתּנה פון פּאעזיע, כּדי ער זאל דערמיט וועקען און רופען דעם עולם צו אמת און צו יושר, צו גערעכטיגקייט און צו מענשענליבּע, מחמת בּעסער פון „אמת״ און שענער פון „יושר״ איז גאר נישטא אויף דער וועלט, — און אט דערין טאקי ליגט יא די אמת׳ע קראפט פון דער „אייביגער שענקייט״... אזוי טענה׳ט דער צווייטער צד.

ווער פון יענע בּיידע צדדים איז גערעכט אדער לכל הפּחות וועניגער אומגערעכט, איז ניט איצט די רעכטע צייט, דערמיט זיך אבּצוגעבּען. דערווייל קאן איך אייך נאר אויסזאגען דעם סוד, אז דער פארשטארבּענער רוסישער פּאעט נ. א. ניעקראסאוו האט געהערט צו דער צווייטער כּתּה פּאעטען, דאס הייסט צו די, וואס ניט נאר זיי אנטלויפען ניט פאר דער אמת׳ער וועלט מיט איהרע אמת׳ע צרות, נאר פונקט פארקעהרט, בּיי זיי איז דאס אמת׳ע לעבּען — דער אנהויבּ און דער סוף, דער „א״ און דער „ת״ פון זייער פּאעזיע אין גאנצען. אי פאר וואס האלט זייער ארימע „מוזע״ אין איין שטענדיגען טרויערען און קלאגען, — דערין זענען נעבּיך די פּאעטען לגמרי ניט שולדיג, ווארום למאי איז דאס אמת׳ע לעבּען אין גאנצען אזוי בּיטער און טרויעריג?!...

בּיי ניעקראסאווען איז דא א גאנץ גרויס און א וואונדערשען ווערק מיט׳ן נאמען: „וועמען לעבּט זיך אין רוסלאנד פרעהליך און רוהיג?״ וויפיעל ניעקראסאוו האט ניט געפארשט און געזוכט, האט ער אבּער אלץ ניט געקאנט אבּזוכען חאטש עמיצען, וועמען עס זאל זיך „לעבּען רוהיג און פרעהליך״. און אין דער אמת׳ן, וואס איז דא דער חידוש? ניעקראסאוו איז געבּארען געווארען און איז אויפגעוואכּסען געווארען אין יענע פינסטערע יאהרען, בּעת 9 חלקים (לכל הפּחות) פון׳ם גאנצען רוסישען פאלק האבּען נאך געקרעכצט און געזיפצט אונטער דעם שווערען און בּיטערען יאך פון קנעכטשאפט; בּעת מיליאנען מענשען האבּען געהאט אויף דער וועלט דעם אייגענעם ווערט, וואס פּשוט׳ע פיה... נאר אייגענטליך אונז יודען, וואס קאנען נאך עד היום הזה ניט פארגעסען די געשיכטע פון יציאת מצרים, בּעדארף מען א סך ניט דערציילען, וואס „קנעכטשאפט״ בּעטייט... היינט זאגט זשע איהר אליין, האט דען געקאנט בּיי אזא אופן א מענש מיט א הארץ צוזעהען קאלטבּלוטיג די אלע עולות, וואס האבּען זיך איבּערגעטאן בּיי יענעם פינסטערען סדר פון דער פאלשער וועלט? האט דען דעמאלט געקאנט א מענש מיט א „מענשעשער״ נשמה גאר האבּען אין זינען אזוינע מיני זאכען, ווי בּלייכע לבנות, אדער שמעקענדיגע בּלומען, אדער גלאט זיסע חלומות?...

נאר אפילו דערנאך שוין, ווען ניעקראסאוו האט אויף די עלטערע יאהרען זיך דערלעבּט, אז די שווערע קייטען, אין וועלכע דאס ארימע רוסישע פאלק איז געווען איינגעשמידט, האבּען, מיט׳ן אונטערבּליכען רצון פון׳ם זעליגען קייזער אלעקסאנדער דעם צווייטען געפּלאצט און זענען צעשפּרונגען געווארען, — איז מען נאך אלץ געווען ווייט דערפון, מע זאל קאנען טאנצען און זינגען און זיך אבּגעבּען מיט שענע חן־גריבּעלעך און מיט זיסע מורמלענדיגע רויטשיקלעך... דעמאלט האט מען נאך אויך מיט א ליכט בּעדארפט זוכען א גליקליכען און א פרייען מענשען: די צעריסענע קייטען האבּען טאקי מיט איין עק דערלאנגט דעם פּריץ, נאר מיט דעם אנדערען עק — דעם נעכטיגען עבד־כּנעני אויך, און הגם ער האט שוין געהייסען א „פרייער בּירגער״, נאר עס איז נאך איהם אלץ געווען ווייט פון לעקען האניג. און ווי אזוי ניעקראסאווען האט זיך אפשר ניט געוואלט, האט ער נעבּיך אלץ ניט געקאנט אנסטראיען זיין פידעל אויף א פרעהליכען און אויף א יום־טוב׳ריגען שטייגער. און דעריבּער טאקי האט ניעקראסאוו נאך אלץ געמוזט איינקנעבּען אלע זיינע כּחות, אלע מחשבות און אלע רעיונות דעם פיעל געליטענעם און נאך פיעל ליידענדעם פאלק. און אלע צרות און אלע יסורים פון׳ם פאלק האבּען זיך אבּגעקלונגען טיעף־טיעף אין ניעקראסאווס הארצען און האבּען זיך אבּגעשפּיגעלט אין זיינע טייערע לידער, פאר וועלכע מע האט איהם געקריינט מיט׳ן פיינעם נאמען: „דער בּעל־בּכי פאר דעם פאלקס צער״.

און זעהט איהר, אט דאס וואס ניעקראסאוו האט תּמיד געמישט די ריינע און ציכטיגע שטראהלען פון דער היילינגער פּאעזיע אין די קאלעמוטנע חוואליעס פון׳ם רוישענדעם לעבּענס־ים, — אט דאס איז געווען און געבּליבּען די איינציגע סבּה, פאר וואס דער אבּגעפּאסטער, זאטער און זעלבּסטצופרידענער ליבּהאבּער פון דער „ריינער קונסט״ האט געשריגען נאגוואלד, אז ניעקראסאוו איז ניט קיין אמת׳ער פּאעט...

דערפאר אבּער קאן מען שווערען, אז יעדערער, ווער עס האט נאר א הארץ און א געפיהל, קאן אהן הארצקלעמעניש און אהן מיטלייד ניט לייענען ניעקראסאווס שירים, און דאס אליין איז די בּעסטע ראיה, אז אין יעדען ווארט פון ניעקראסאווס שירים און אין יעדען קרעכץ פון ניעקראסאווס טרויעריגער מוזע ליגט די העכסטע און טיפסטע אמת׳ע פּאעזיע...

און ניט אומזיסט האט ניעקראסאווס מוזע בּעקומען דעם שם: „די מוזע פון צארען און טרויער״.

---

# דאס לעבען זיך נעמען.

(פארטזעצונג).

איצטער לאמיר בעטראכטען דעם חלוק פון זעלבסט-מארד צווישען פרויען און מאנסבילען.

דאס לעבען פון דער פרוי איז א סך אנדערש פון דעם לעבען פון מאנסביל, אזוי גוט ווי דאס לעבען פון איין רעליגיאן איז אנדערש פון דער אנדערער און דעריבער איז אויך נישט גלייך די צאהל פון די זעלבסט-מארדען ביי פרויען צו די צאהל ביי מאנסבילען. אין רוסלאנד טרעפען זיך צווישען 100 זעלבסט-מארדען נאר 20 ביי פרויען און די איבריגע ביי מענער. אין פראנקרייך זענען די פרויען זעלבסט-מארדען 1/3 פון אלע זעלבסט-מארדען, אין ענגלאנד עטוואס מעהרער, אין שפאניע 2/5 פון אלע זעלבסט-מארדען. בכלל זענען אין אלע לענדער די זעלבסט-מארדען ביי פרויען ווייניגער אלס ביי מאנס-בילען; עס איז אויך לייכט צו פארשטעהן פאר וואס דאס איז אזוי. ביז די לעצטע צייט האט די פרוי גענומען א גאנץ קליינעם חלק אין לעבען און דעריבער האט זי אויך ווייניגער געליטען פון די שווערע לעבענס תנאים. עס קאן זעהר זיין, אז פארצייטענס האט די פרוי בכלל זעהר ווייניג געקלערט וועגען די בעדייטונג פון לעבען, און האט דעריבער געלעבט ווי עס לעבט. זיך אנדערש איז אבער געווארען דאס לעבען פון דער פרוי אין די לעצטע צייטען און דעריבער ווערד אויך אנדערש די צאהל פון זעלבסט-מארדען ביי די פרויען. די גע-בילדעטע פרוי, וועלכע לעבט מיט איין אייגענעם קלארען ווילען, פיהלט פיעל שטארקער און טיעפער אלע שלעכטע און שווערע תנאים פון לעבען אלס דער מאנסביל. פיעל ערשיינונגען אין לעבען, וועלכע די מאנסבילען טראגען לייכט אריבער שפיעלען אפט די גרעס-טע ראלע אין דעם לעבען פון דער פרוי. בזיונות און חרפות אין דער זיטליכקייט ווירקען שטארקער אויף דער פרוי אלס אויף דעם מאנסביל און אזוינע סבות און טעמים בעגעגענט מען עפטער ביי די פרויען זעלבסט-מארדען אלס ביי די מאנסבילען. איין אומגליק אין דער ליבע וועלכע דער מאנסביל טראגט עס גאנץ לייכט אריבער, איז ביי דער פרוי זעהר אפט די סבה פון א זעלבסט-מארד. מיר זעהען ווייטער אין דעם פרויען-לעבען, אז פון 30 ביז 40 יאהר לעבט די פרוי איבער די שטארקסטע און גרעסטע טרעפעניסען, וועלכע ווירקען אויף איהר גוף און איהר נשמה, אין די יאהרען איז דאס געפיהל ביי די פרויען זעהר שטארק און איבער דעם פיהלט זי אויך טיעפער אלע אומגליקען, וואס איהר טרעפט זיך אין יענער צייט. אין די גרויסע שטעדט בעמערקט מען פיעל זעלבסט-מארדען ביי יונגע מענשען ביז 21 יאהר און די גרעסטע טייל פון די זעלבסט-מארדען טרעפען זיך צווישען פרויען. אין וויען, פראג און נאך אנדערע גרויסע שטעדט זענען די פרויען זעלבסט-מארדען ביז 30 יאהר פיעל מעהרער אלס ביי די מאנסבילען; דאס בעווייזט אונז, אז די יונגע יאהרען זענען פיעל שווערער און טרויעריגער פאר די פרויען, און דעריבער מוזען זיי אפט אנטלויפען פון לעבען.

אנדערע האבען געוואלט דערקלערען, אז די סבה פון דעם, וואס אין דער לעצטער צייט זענען פארגרעסערט געווארען די זעלבסט-מארדען צווישען די יונגערע פרויען, איז די נייע פרויען-בעוועגונג, וואס וויל, אז די פרויען זאלען האבען די אייגענע רעכטען ווי די מאנסבילען. דאס איז אבער פאלש. דאס נייע פרויען-לעבען פאדערט מעהר פרייהייט, און פרייהייט פיהרט צום לעבען און נישט צום טויט. פיהרען צום טויט פיהרט דאס נ י ש ט ק ע נ ע ן פריי לעבען, אבער נישט די פרייהייט. די פארשידענע אומגליקען, וועלכע מיר זעהען אפט ביי דעם נייעם פרויענלעבען, וואכסען נישט פון דעם וואס די פרויען שטרעבען צו פרייהייט, נאר פון דעם שווערען מאטריעלען און גייס-טיגען צושטאנד פון דעם גאנצען היינטיגען לעבען. בעטראכטענדיג די סבות, וועלכע ברענגען די פרוי צום זעלבסט-מארד, געפינען מיר תמיד פיעל סבות פון דעם א ל ג ע מ י י נ ע ם ל ע ב ע ן. און נאר ווען די אלע לעבענס-בעדינגונגען ווערען שווער, נישט צום דערטראגען פאר די ארענטליכע פרוי, וואס פיהלט בטבע טיעפער פאר דעם מאנסביל, ברענגט עס איהר ביז צום זעלבסט-מארד.

(ענדע קומט).

ש. בעלענקי.

## וויסענשאפטליכע ידיעות

— ג ע נ ע ן ש א ר לא ך האט געפונען א מיטעל דער יודישער פרא-פעסאר ב א נ א נ ס ק י. דאס מיטעל איז אזא סארט איינשפריצונג, וועלכע האט שוין אויף פיעלע קראנקע גוט געווירקט.

א ב ו י ם וואס ש י צ ט פ א ר פ י י ע ר האבען די נאטורפארשער נישט לאנג ענטדעקט אין דרום אמעריקא. דער דאזיגער בוים וואכסט אין די „פאמפאס" סטעפען, וואו עס זענען קיין וועלדער נישטא און אחוץ דעם דאזיגען בוים וואכסען דארטען נישט קיין שום אנדערע ביימער. געשיצט פון פייער ווערד דער בוים דורך זיין קארע, וואס ער איז גאר נישט איבעריג גראב, אבער ער איז זעהר געדיכט און לאזט קיין היץ נישט דורך, און לא די וואס דאס פייער קאן איהם נישט שאדען, נאר עס ברענגט איהם נאך נוצען, עס ווערד דערפון נאך פריהער צייטיג. דער דאזיגער בוים איז הויך 6 מעטער, די גרעב אבער איז נישט מעהר ווי 6 סענטימעטער.

## ערווידערונג.

נאכדעם ווי עס האט זיך אבגעדרוקט אין דער „יוד. פאלקס-צייטונג" איין ארטיקעל „הינטער די קוליסען" האט דער פערלאג פון „הצופה" און דער רעדאקטאר און הערויסגעבער ה' פרידמאן גע-פונען פאר נייטיג אבצושוואכען דעם רושם פון דעם ארטיקעל דורך ער-קלערונגען, וואס זענען פאלש דורך און דורך. מיר זענען געצוואונגען צו בעווייזען די אונריכטיגקייט פון יענע ערקלערונגען.

1) דער פערלאג פון „הצופה" זאגט, אז דער ארטיקעל אין דער „פאלקס-צייטונג" איז פול מיט שימפפערייען געגען דעם רעדאקטאר פון „הצופה"; אבער די לעזער פון דעם ארטיקעל קענען עדות זאגען, אז אין דעם דאזיגען ארטיקעל איז ניט געוועזען קיין איינציגעס שימפפווארט געגען דעם ה' פרידמאן. דארט איז נאר ערצעהלט גע-ווארען טרוקענע פ א ק ט ע ן. ווען די פאקטען זענען ניט שען פאר דעם ה' פרידמאן איז ניט מיין שולד דאבי.

2) דער פערלאג פון „הצופה" ערקלערט מיט גרויסקייט, אז ער רעכענט פאר אפחיתות הכבוד פאר זיך א וכוח צו האבען מיט דער „יוד. פאלקס-צייטונג". דער דאזיגער פערלאג אבער האט ניט געהאלטען פאר „אפחיתות הכבוד" פאר זיך צונעמען אזאך וואס געהערט אנדערע, צוטרעטען צו דער אויסגאבע פון דער צייטונג, וואס איז געגרינדעט געווארען מיט פרעמדע געלד און וואס געהער אנדערע.

3) דער פערלאג פון „הצופה" פערזיכערט, אז די פריוואט סכסוכים א. א. וו. האבען קיין שייכות ניט צום „הצופה", און פון דעסטוועגען האט דער סודעבני פריסטאוו איוואניצקי אבגעשריבען אויף די מעבעל פון דער רעדאקציע „הצופה" פאר דעם חוב פון ה' פרידמאנען אן ה' הורוויץ און ה' שאלקאוויטש, לויט דער אנצייגע פון דעם סודעבני פריסטאוו אין „ווארשאווסקי דניעווניק" נומ. 39.

פאלשער אבער זענען די ערקלערונגען פון דעם רעדאקטאר און הערויסגעבער זעלבסט. מען דארף האבען א בעזונדערן סארט מוטה אפען אבצולייקענען זאכען, וואס זענען שווארץ אויף ווייס געשריבען און פון איהם אליין אונטערשריבען, וואס זענען אלעמען בעוואוסט, און וואס זענען זאגאר געגען די בעשטימטע ערקלערונג פון געריכט.

א) ה' פרידמאן זאגט אז איהם וואלט זעהר לייכט געוועזען צו ערקלערען ווי פיעל ליגען עס איז דא אין דעם ארטיקעל. פאר וואס האט ער דאס טאקי ניט געטהאן? זאגען בכלל אז אין ארטיקעל איז דא ליגען איז זעהר לייכט, אבער אויפצווייזען וועלכע ליגען און ווי אזוי, איז טאקי ניט אזוי לייכט, ווייל — אין ארטיקעל איז ניט דא קיין איינציגעס ווארט, וואס זאל זיין געגען אמת.

ב) ה' פרידמאן נעמט זיך אן די קריוודע פון די לעזער וואס מען גזל'ט ביי זיי פלאץ פון דער צייטונג פאר פריוואט זאכען. אבער ערשטענס איז גענוג לעכערליך, אז ה' פרידמאן רעגט זיך אזוי אויף וועגען גזלה. און אז מען גזל'ט יחידים איז ניט קיין גזלה? צווייטענס, ווארום גזל'ט ה' פרידמאן פלאץ פון זיין צייטונג פאר ארטיקעלן וואס זענען גאר ניט פערשטענדליך, אדער פאר פעליעטאנען וואס ענטהאלטען נאר פריוואט חשבונות פון די שרייבער מיט אנדערע? דריטענס, רעכען איך אז דער פראצעס מיט דעם רעדאקטאר און הערויסגעבער פון „הצופה", איז די לעזער פון א צייטונג ניט ווייניגער אינטערעסאנט אלס אנדערע צייטונגס נייעס, און דאס איז אויך נוגע אכלל, דער ליטעראטור, מען זאל זעהן ווי עס ענטשטעהט ביי אונז א צייטונג און מיט וועלכע כשר'ע מיטלען מען בענוצט זיך דערצו.

ג) ה' פרידמאן זאגט: „נאר נאכדעם ווי ה' שאלקאוויטש האט מיר זעהר שטארק געבעטען האב איך געמאכט די פערבינדונג וועגען דער צייטונג". דאס איז ניט אמת. אים געגענטייל, ווי ה' פרידמאן, וואס איז דאן געוועזען אויף דער רייזע, האט ערפאהרען אז ה' שאלקאוויטש שטימט איין זיך פערבינדען מיט איהם, איז ער באלד געקומען צולויפען, און איז געפאהרען צו ה' שאלקאוויטש אויף זיין זומער-וואהנונג, און אין איינינע שעה האבען זיי ביידע אבגעמאכט אלע פונקטען פון דער פערבינדונג, און אויף מארגען איז געמאכט געווארען דער קאנטראקט, און ה' פרידמאן האט געדרענגט, מען זאל נאך דעם זעלבען טאג דאס געלד איינלעגען, ווייל, ווי ער האט ערקלערט איז דאס געוועזען זעהר דרינגענד.

ד) קוריאזנער איז די ערקלערונג ה' פרידמאנ'ס: „אן זייער געלד האט מיין האנט זיך ניט אנגעריהרט. עס איז אויך אין גאנצען". אזא ערקלערונג איז נאר אריינע „אחיזת עינים". דאס געלד האט מען דאך אין באנק איינגעלעגט, נאך פאר דעם ווי דער קאנטראקט איז אונטערשריבען געווארען, און אין קאנטראקט איז באלד געזאגט, אז דאס געלד האט מען שוין געגעבען. און דאס געלד האט מען דאך אויף דעם „הצופה" אויסגעגעבען. דאס געלד, זאגט ער, איז אין גאנ-צען — אבער וואו זענען זיי? ה' הורוויצען האט מען עס נאך ניט אבגעגעבען, און איינינע חדשים איז מען הערום געלאפען, מען זאל דער ווייל דאס געלד צוריק אבגעבען, און מען האט עס ניט אבגע-געבען. און דעריבער לויטעט דאך דער אורטייל פון געריכט:

Безспорнымъ по дѣлу является то, что Гурвичъ согласно § 2 договора уплатилъ 2500 и деньги эти израсходованы на дѣло. Возвратъ этихъ денегъ является поэтому вполнѣ законнымъ и эта сумма присуждается въ пользу Гурвича съ Фридмана.

ה) אויף דעם קאנטראקט וואס איז געמאכט געווארען צווישען איהם און ה' שאלקאוויטשען מיט ה' הורוויצען — וואס ה' פרידמאן אליין האט איהם אויף געשריבען — זאגט ה' פרידמאן „אז ער האט געשמעקט מיט פראצענט. די לעזער פון דעם ארטיקעל „הינטער די קוליסען" ווייסען שוין ווי פאלש די דאזיגע ערקלערונג איז. גענוג איז דא ציטירען די מיינונג פון געריכט דאריבער:

Договоръ этотъ содержитъ въ себѣ всѣ условія, требуемыя закономъ (ст. 1832 и сл.), и не содержитъ ничего ни противнаго доброй нравственности ни же не преслѣдуетъ незаконной цѣли. Такимъ образомъ нареканія Фридмана, что онъ жертва лихвенныхъ аппетитовъ Гурвича и Шальковича является по меньшей мѣрѣ голословнымъ.

ו) ווידער זאגט דארט ה' פרידמאן: „דער קאנטראקט וואס איך האב געמאכט מיט זיי איז געבראכען געווארען פון זייער זייטע נאך איידער די ערלויבניס איז אנגעקומען". דארויף ענטפערן מיר: 1) די ערקלערונג ווערד אבגעלייקענט דורך דעם קאנטראקט אליין, וועדלונג וועלכען ה' שאלקאוויטש און ה' הורוויץ האבען איידער עס וועט אנ-קומען די ערלויבניס קיין אנדערע התחייבות ניט געהאט, ווי אריין צו טראגען די ערשטע 2500 רובל, וועלכע זיי האבען אריין געטראגען נאך פאר דעם קאנטראקט-אונטערשרייבען. ווי איז אלזא מעגליך געוועזען, אז דער קאנטראקט זאל געבראכען ווערען דורך זייער זייטע? 2) מען זעהט דאך גאנץ דייטליך אז די ערקלערונג איז פאלש פון דעם וואס זאגאר ה' פרידמאנס אדוואקאט, ה' קליינערמאן, האט די טענה גאר ניט פארגעבראכט אין סוד, אין דער צייט וואס אזא טענה וואלט דאך געקאנט מבטל זיין די גאנצע תביעה פון די קלעגער, אי וועגען קרן אי וועגען קנס. 3) דער אורטייל פון געריכט לויטעט דאריבער:

Безспорнымъ является по дѣлу, что Фридманъ требованія договора о передачѣ истцамъ полученнаго на изданіе газеты разрѣшенія не передалъ. Договоръ, такимъ образомъ, въ силу 1184 ст. Гр. Код. признается расторгнутымъ по винѣ Фридмана.

ז) ווייטער זאגט ער דארט: „דער סוד איז נאך ניט געענדיגט. ער דארף נאך פערהאנדעלט ווערען אין „סודעבנאיא פאלאטא". דארויף ערקלערען מיר, אז לויט ווי די לעזער פון דער „יוד. פאלקסצייטונג" ווייסען שוין, האבען די קלעגער שוין בעקומען א „איספאלניטעלני ליסט" איינצומאנען פון ה' פרידמאנען, וואס דער געריכט האט צו געפסק'עט. די קלעגער דארפען אלזא גאר ניט ווארטען, ביז די „דיעלא" וועט ווידער פארהאנדעלט ווערען אין אהעכערע אינסטאנץ.

ח) ה' פרידמאן זאגט ווייטער: „איך האב ניט אויפגעהערט צו פערלאנגען מען זאל די זאכע איבער געבען א טרעטייסקי סוד, אבער דער צד שכנגד האט פארגעצויגעז אנדערע דרכים". די ערקלערונג

איז אויך פאלש דורך און דורך. די קלעגער האבען געשיקט דורך דעם הערען א. צוקערמאן פארגעלעגען דעם ה' פרידמאן מען זאל די זאכע איבערגעבען אטרעטייסקי סוד, ה' פרידמאן האט אפילו יא מסכים געוועזען דערצו, אבער נאר יוצא געוועזען מיט אהבטחה, און ווי עס איז געקומעי דערצו האט ער אלץ אב געלייגט פון טאג אויף טאג. און זאגאר ווען דער פראצעס האט שוין געדארפט פערהאנדעלט ווערען, און פון ה' פרידמאנ'ס צד האט מען געשיקט זאגען, אז מען וויל זיך אויסגלייכען, האבען די קלעגער געבעטען אבלייגען דעם פראצעס צוליב דעם, נאכמעהר, די קלעגער האבען פערלאנגט פארלייפיג, מען זאל זיי אומקעהרען דאס געלד וואס זיי האבען געגעבען, און וועגען דעם קנס זאל מען זיך פארלאזען אויף אטרעטייסקי סוד; אבער ה' פרידמאן האט אלץ געשפייזט מיט הבטחות: היינט, מארגען און צום סוף אבגעקומען מיט דער הבטחה, וואס ער שעמט זיך ניט אויך צו געבען אין „הצופה", אז „דאס געלד איז דא אין גאנצען". די זאך האט געמוזט ווידער געהן אין סוד.

ט) צום שלוס זאגט ה' פרידמאן: „אלענפאלס איז נוגע די זאך נאר מיר אליין, פערזענליך, ניט אבער דעם „הצופה" — איהר הערט? דאס איז ניט נוגע דעם „הצופה"? דאס געלד איז געגעבען געווארען און אויסגעגעבען געווארען אויף דעם „הצופה", דער קאנטראקט איז געמאכט געווארען וועגען „הצופה", ה' פרידמאן איז דער רעדאקטאר און הערויסגעבער פון „הצופה" און אשותף אין דעם פערלאג פון „הצופה", און אויסער זיין מייל אין „הצופה" איז ניטא פון וואנען איינצומאנען דעם חוב ביי ה' פרידמאנען, און ער שעמט זיך ניט צו זאגען, אז דאס איז ניט נוגע דעם „הצופה"?!

המודיע.

---

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

— דער רוסישער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג האט ערקלערט, אז דעם טיטעל הויז־לעהרערין גיט מען נאר דער דאזיגער פרוי, וועלכע ברענגט א דיפלאם, אז זי האט געענדיגט א פרויען־גימנאזיום אדער איין אנדער שולע, אין וועלכע עס ווערען געלערענט דאס איינענע וואס אין א גימנאזיום, אבער נישט ווען זי האט געלערנט ביי זיך אין דערהיים.

### II. יודישע נייעס.

— פאריגען חודש איז אין קרעמענטשוג (רוסלאנד) געוועזען אין אספה פון יודישע דאמען, וועלכע האבען בעהאנדעלט די פראגע צו גרינדען א פריוט פאר יודישע מיידלעך. דערויף האט ה' סאנדאמירסקי מנדב געווען א הויז דערצו און אויך איז ער גרייט צו שענקען דערויף 3000 רובל.

---

## שדוכים פון ליבע.

דאס רוב חתונה האבען דורך ליבע טרעפט צווישען צוויי פערזאנען פון געגענגעשלעכט, וואס זענען ניט גלייך אים גייסט, צום ביישפיל: ער איז א גראבער יונג, א נאר און זי איז דעליקאט, קלוג און געבילדעט, אדער ער איז א הויכגעבילדעטער און זי איז ווי א גראז־גענזל.

דאס איז דעריבער ווייל צו דער ליבע האט דער שכל א קנאפע דעה, דא איז דער .עיקר דער אינסטינקט; דער צוועק פון דער ליבע איז ניט קיין גייסטיגע אינטערעסען, נאר בלויס דאס פארטפלאנצען פון דער מענשהייט, די עקסיסטענץ פון דעם קינפטיגען דור. די הייראט איז פאר אלעמען א פארבינדונג פון די הערצער, אבער ניט פון די גייסטער, פון די מוחות. ווען א פרויענצימער פארזיכערט, אז זי ליבט וועלכען מאנספערזאן דורך זיין קלוגשאפט, דורך זיינע איידעלע אייגענשאפטען, איז דאס פוסטע ווערטער, וואס האבען קיין ווערט ניט.

ביי א מאנספערזאן, ווען ער זוכט א פרוי, האט אויך די גייסטיגע זייט א קליינעם ווערט. דעריבער טרעפט זעהר אפט, אז א מין סאקראטעס (א גרויסער פילאזאף) הייראטעט א מין קסאנטיפע (א נארישע, שלעכטע פרוי). עס זענען דא פיעל ביישפילע פון א זאלכע פארפעלקער, למשל: שעקספיר, בייראן (בעריהמטע ענגלישע דיכטער).

איך זאג א קליינעם ווערט, ווייל אין אמת אריין האט די גייסטיגע זייט, דער שכל פון דעם פרויענצימער, אויך א בעדייטונג ביי דער ליבע, ווען אפילו זי שטעהט אין דער צווייטער רייהע נאך דער שענהייט. דאס ערקלערט זיך דערמיט, וואס די גייסטיגע זייט פון א פרויענצימער איז איבערגענגליך צו די קינדער וואס זי האט. דעריבער זעהען מיר, אז יעדע מוטער בעמיהט זיך קינסטליך צו פארהעכערען די גייסטיגע ענטוויקלונג פון איהרע טעכטער, ווייל זי ווייסט פון דער פראקטיק, אז דאס איז א מיטעל צו געפעלען דעם מאנספערזאן.

מיר בעשפרעכען דא בלויס די אינסטינקטליכע ליבע, אבער עס פארשטעהט זיך, אז יעדעס געבילדעטע פרויענצימער, ווען זי קלויבט זיך א מאן, וויל זי בעסער א פערנינפטיגען, א געבילדעטען. און דעסטגלייכען אויך ביי דעם מאנספערזאן. אבער דאס אלעס איז נאר ביי געוועהנליכע שידוכים אויס בערעכנונג; גאנץ אנדערש איז ביי חתונות אויס בלויס ליבע, דארט האט שכל, ווי געזאגט, א גאנץ קנאפע דעה.

אין דעם פריהערינען ארטיקל האבען מיר גערעד וועגען מאטיווען צו דער ליבע, וועלכע זענען אלגעמיין, דינען פאר אלע ליבענדע צוגלייך, יעצט וועלען מיר רעדען וועגען מאנכע בעזונדערע מאטיווען, וואס מען רופט אויף פילאזאפיש לשון אינדיווידועלע, דאס הייסט וועלכע דינען נאר פאר איינצעלנע מענשען.

עס זענען פארהאן מאנסבילען אדער פרויענצימער, וואס זענען פון געבארענהייט מיט א פעהלער, און דער פעהלער קאן איבערגעהן אויף זייערע קינדער, ווען ניט דאס הייראטען מיט א פערזאן, וואס איז בעגאבט פון דער נאטור מיט'ן געגענטייל פון דעם זעלבען פעהלער.

מיר זעהען למשל א מאנספערזאן פון קורצען געוואוכס וויל דורכאויס א הויכגעוויכסיגע פרוי. איבערהויפט זעהט מען דאס ביי א זאלכען מאנספערזאן, וועלכער האט געהאט א הויכגעוויכסיגען פאטער מיט א קורצגעוויכסיגע מוטער. די בריאה האט געירש'ענט פון דער מוטער א קליינעם קערפער, אבער פארמאגט אויך אין זיין ירושה פונ'ם פאטער געגוג קראפט, ענערגיע אין זיינע בלוט־אדערען צו בעלעבען א גרעסערען קערפער. אים געגענטייל, ווען דער קורצגעוויכסיגער איז געבארען פון קורצגעוויכסיגע פאטער און מוטער וויל ער ניט אזוי שטארק הייראטען מיט א הויכגעוויכסיגע פרוי.

דאס ערקלערט זיך דערמיט, אז די ליבע זוכט צו בעזייטיגען אין דעם קינפטיגען דור די קערפערליכע פעהלער פון די עלטערן.

(ענדע קומט).

מיכל וועבער.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן אין קראקוי לטובת הקופה הלאומית).

ע״י קפלן באמצעות ספקטר 11.60 רובל. — בחתונת מיניץ ע״י משה ראה 50 קאפ׳. — ע״י איזניר 7 רובל. — אש 1.15. רובל. — ע״י מ. מלמוד מאונגעלי 20 רובל. — ע״י קראקאוו 1.50 ר׳. — ע״י פיינער מפרזעדבארזש 50 קאפ׳, דוד אריה ווישינסקי 1 רובל. — ע״י רחלי הויזענבערג מדוינסק 1 רובל. — ע״י העללענגלאז ונעמיראווסקי 5 רובל. — מאת ש. קעניגשטיין 2 רובל, — מאת קאנטער 2.20 רובל. — מאת גאלבערג 2 רובל. — נחמה ענטין 3 רובל. — ס. מייזנער 1 רובל. — דבורה ענטין, מ. מייזנער כ״א 50 קאפ׳. — ס״ט מייזנער, מאשא זעלדאוויץ כ״א 1 רובל. — מאיר קאמינסקי, ראזא מייזנער, זלמן מייזנער, דבורה מייזנער, דוד דאווידסאן, פעליקס ליפשיץ, דבורה ענטין, מאשא וואכס, פ. רייזין, אלבערט, בידערמאן, מאיר ענטין, כ״א 50 קאפ׳. — לעווקאוויץ, יעקב דאווידסאן, ק. ענטין, קאסטעלאנסקי, שלמה בערלין, איידיל שיטקין, כ״א 30 קאפ׳. — ש. בראודא 25 קאפ׳. — א בראודא, נאנקין כ״א 20 קאפ׳ — א. בראדא 10 קאפ׳ — ס״ה 71 רובל.

---

# וויין, עקאנאמיש, זיסס אונד ביליג!

פיעל פערגניגען צו חג הפסח וועט האבען יעדער, וועלכער וועט קויפען אין מיין גרויסען וויינהאנדלונג, וועלכער שאן פיעל יאהרען בעזואיסט איזט, דען בעריהמטען **סארטימענט** פון 1 פלאש א״י וויין „כרמל“ $^{1}/_{20}$ פלאש שפירט; 1 פלאש קאניאק; 1 פלאש אלטע מעטה; 1 פלאש רויט וויין זיססען; 4 פלאש אלטען אונגארן-וויין, ס״ה 10 פלעשער פיר א גאנץ געוויען פרייז נור 10 רובל. איך פערזיכערע דאס אללע וואס ווענדען זיך צו מיר מיט בעשטעלונגען וועלען העכסט צופריעדען זיין על צד היותר טוב. ביטטע צו שיקען די בעשטעלונגען מיט 20% האנד-געלד בעצייטענס. הענדלער בעקומען גרויסען ראבאט. בעקאנטע פירמען ווירד געשיקט אהנע האנדגעלד. פערפאקונג איז אומזאנסט. **כשר לחג הפסח.**

**מאיר מענדעל זיידמאן, ווארשא.**

Складъ винъ и коньяковъ

**М. М. Зайдмана, Варшава, Налевки 7.**

---

# לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אויס קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דר יקען דעם קערפער.

זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהרט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

(135) 50—5

---

## בבית מסחר הספרים של האחים
# לעווין עפשטיין ושותפיהם
### ווארשא, געגשא נומר 5.

נמצא להמכר יותר משלשת אלפים מיני ספרים מכל המקצעות והם: חומשים מחזורים, סדורים, שו״ת, דרוש, פוסקים, שס״ם ואלפסין, ספרי למוד, מליצה, מחקר, שיר והספרות היפה; ספורים בזארגאן. — בית-המסחר הנ״ל ממלא רצון הקונה עצהיו״ט.

אדרעסע:

**Ком. тов. Братьевъ Левинъ-Эпштейнъ и Ком.**
**Варшава, Гусья № 5.**

**Kom. Ges. Gebr. Lewin-Epstein & Co., Warschau,**
168 **Gesiastr. 5.** 11—5

קאטאלאג מפורט יצא לאור, מחירו 20 קאפ.

---

### „אראנא-גורסקי. ווארשא, לעשנא № 4

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען **נאגניאטקעס** (היגער-אויגען) **בראדאווקעס און פערהארטעטע הויט** צור פרייז 30 קאפ׳ און 50 קאפ׳ פארדערן איבעראל.

(129) 25—13

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ. **Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственнымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно

---

### דרוקעריי עט ליטאגראפיע
# ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.
**(געגרינדעט אין 1860 יאהר)**

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען און רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, און האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיעל ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם מיטך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט און פערציהרונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערן די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען ביכער, **העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע** וכו׳; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען **אלערליי עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, פאסט-פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט-קארטען** וכו׳.

אויך געפינט זיך שטענדיג אויפ׳ן לאגער **קארמעלקעס עטיקעטע.**

אלעס ווערד פיין און שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(189) אדרעסע: 3—1

Въ Контору паровой типо-литографіи

**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

# !!! וויכטיגע נייעס !!!

עס איז ערשיענען פון דרוק א נייע, וויכטיגע **כריסטאמאטיע** גרינדליך אויס צו לערנען די **רוסישע און דייטשע שפראכע** אין זשארגאן און **קאליגראפישע פראפיסען.**ביידע פון ה׳ יוסף גאראדינסקי, דער מחבר פון הויז-קארעספאנדענט.

פרייז מיט פארטא 40 קאפ׳. בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך איז ערשיענען א פיערטע נייע אויפלאגע פון דעם הויז-קארעס-פאנדענט, מיט פיעל אויסבעסערונגען אין דעם טעקסט רוסיש-זשארגאן און מיט א נייע צוגאבע דייטשע-בריעף און **קאליגראפישע פראפיסען.**

פרייז מיט פארטא 30 קאפ׳. בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך געפינט זיך ביי מיר אין בוכהאנדלונג מיין איינענער פערלאג פון ד״ר רובינ׳ס ווערק: 1) החיים והמות; 2) סגולות בעלי חיים; 3) מלחמת הנגלה והנסתר; 4) סגולות הצמחים; 5) מערכת טעמי המצות.

אויך געפינט זיך ביי מיר אלערליי **השכלה** ספרים פון אלע פערלאגען, ספרי חנוך, **מליצה ושיר** וספרי רומעל פון אנדערע פערלאגען און איינענע.

אדרעססע:

Книжный магазинъ С. Розумовскаго, Бердичевъ.

177 אדער אין דער פיליע: 10—4

Варшава, Налевки 34, Арону Цейлингольду.

# תמונות וציורים

## הוצאת „תושיה".

א) **אגרות גלויות עבריות** (פאסט-אנזיכטסקארטען) עם ציורים ביבליים הסתוריים, מחיי בני ישראל בהוה, טפוסים עברים ממפלגות שונות ומארצות שונות ותמונות אנשי השם, מעשי ידי טובי הציירים.

יצאה עד עתה הסריה הראשונה, המכילה ל"ו אגרות מצוירות א) שטל: דבורה; ב) ברוק-ליס: רות; ג) ה. ורנא: יהודית והולופרנס; ד) ש. לנדל: יהודית; ד) ע. בנדמן: על נהרות בבל; ו—ח) א. מ. ליליען: כח ויפי; שיר השירים; שמשון הגבור; ט—י) ל. אורי: נדחי ישראל; הגעגועים לארץ אבית: יא—יב) מ. גוטליב: שילק ויסכה; יהודים מתפללים; יג—יד) י. קויפמן: סוד המסחר; האב מורה את בנו פרק בחכמת החשבון; טו) י. יזרעלס: בן העם העתיק; טז) ק. צבי: השפקן; יז) ה. לפינסקי: הרוכל; יח) נ. זיכל: עלמה עבריה; יט—כ) י. פרטלים: עבריה מטנגר; עבריה מטיטואן; כא) א. נוסיג: היהודי הנצחי; כב) א. מרקוביץ: המלמד; כג) בידא: לפני הכתל המערבי; כד) ש. הירשנברג: ישיבה; כה) טרנקבסקי: חתונה יהודית; כו) סטריאבסקי: תשליך; כז) ברוך שפינוזה; כח) בנימין דיזרעלי (לורד ביקונספילד); כט) ה. גראטץ וי. מ. יאסט; ל) יוסף יזרעלס; לא) לסר אורי; לב) יהודים מהרי קוקז; לג) יהודי תימני; לד) יהודים מארץ תימן; לה) יהודי תימני; לו) עלם עברי מבוכארא.

מחיר כל אגרת 5 ק' בלי משלוח. הקונה כל הסריה בפעם אחת ישיגה חפשי מפאר'. המשלוח לאגרת אחת או לארבע: 2 קאפ'.

Издательство „Т у ш і я“, Варшава.

**Verlag „Tuschijah“, Warschau.**

172 — בע"פ: נובוליפקי 7, מעון 9. — 5–5

---

Книжн. маг. „Израилитъ“ Вильна, Рудницкая ул.

Книжн. магазинъ „Израилитъ“ Вильна, Рудницкая ул. Д. Шапиро.

# נייעס!! נייעס!!

## ביליגער ווי איבעראל!

דער ניי־געעפענטער בוכהאנדלונג **„איזראעליט"** אין ווילנא, רודניצקער-שטראססע, הויז שפירא, האט יעצט צום סעזאן צו געגרייט א גרויסען אויסוואהל פון

**אלע סארטען אוצעבניקעס** (ספרי חנוך ולמוד) פון אלע בעוואוסטע פערלאגען און פערקויפט אלעם צו ביליגע פרייזען

אויך האט דער בוכהאנדלונג „איזראעליט" איבערגע־געדרוקט א נייע צעהנטע פיעל פערבעסערטע אויפלאגע דעם בעוואוסטען אוצעבניק **המורה** מאת ה' גאַרדאן **עם המפתח.**

דער בוכהאנדלונג **איזראעליט** האט צו פערקויפען די **אמתע רעדעלהיימער** פראכטפאלע בעריהמטע **מחזורים,** אויך די רעדעלהיימער **סדורים** אין גרויסען און קליינעם פארמאט. פרייז פון די מחזורים 8 רובל עם פארטא; די סדורים 50 קאפ' ע"פ.

אויך האט יעצט דער בוכהאנדלונג **„איזראעליט"** א גרויסען אויסוואהל פון **אלערליי העברעאישע** און **זשארגאנישע** ביכער, אויך אזעלכע וועלכע זענען שאן לאנג זאגאר נישטא צו קריגען, און אלערליי **יודישע בילדער, נאטען,** די נייעסטע יודישע **אנזיכטס-קארטען** (ווידין, אטקריטקעס), ציוניסטישע **אלבאמען** און ליעדער.

דער בוכהאנדלונג **איזראעליט** נעמט אן אבאנענטען אויף אלע **העברעאישע** און **זשארגאנישע** צייטונגען.

די בעשטעלונגען ווערען שנעל פערפערטיגט, ארענטליך בעהאנדעלט און גאנץ ביליג בערעכענט.

בוכהענדלער, לעהרער, ציוניסטישע פעראיינען, ביבליאטהעקען גיט דער בוכהאנדלונג **איזראעליט** גרויסע פראצענטען. 2—1 188

Книжн. маг. „Израилитъ“ Вильна, Рудницкая ул.

---

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.



# נייעס!! נייעס!!

## ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. – זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאס-טישע גוממי שטרימפפע פיר גע-שוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**

подъ фирмою **Александеръ**

Сенаторская 22, Варшава

☞ דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענ-דער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יענינע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 149 — 7—50

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

# די אויסארבייטונג פון פראוויזאר דער פארמאציע

## סט. וואנגראווסקי.



**Kariol** — דער בעסטע מיטעל אויסצוראטאן אלערליי ווערם פון וואהנונגען. פרייז 5, 10, 15, 30 און 60 קאפ'.

**Dermina** — בעזייטיגט זומער-שפרענקלעך און געלע פלעקען. פרייז 60 קאפ.

**Agar** — דער בעסטער פלאסטער (מאזש) צו היהנער-אויגען (מאזאילעס). פרייז 30 קאפ.

צו בעקומען אין די אפטייקען און אין די אפטעצני סקלאדען. דער הויפט-פערקויף ווארשא, אפטייק פון ה' הובערט גרזיבאוו Nr. 10 און אין אפטעצני סקלאד פון ק. וואנגראווסקי דזיקא 56. אויף דער פראווינץ שיקט מען ארויס דורך פאסט אויף א נאכנאהמע. (183) 5—2

---



☞ **Paryzkie nowe modele**

rekomenduje znany magazyn

**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**

**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.

(148) 25—5

---

# די קאנדיטעריי פון ברידער קאטליצקי

## אין ווארשא:

1) נאוואליפקי נומר 8 ביי האטעל „ראססיא". — 2) פיליע: אייזערנער טהויער נומר 3 ביים זאקסישען גארטען

(טעלעפאן 1148 נומר)

נעמט אָן אלערליי בעשטעלונגען פון קאנדיטעריי זאכען, ווי: טארטען, מאראז־שענע, קאנפעקטען, פיראמידען און פיראזשנעס. די אלע סארטען קען מען צו פסח בעקומען אין שטרענגסטע כשרות. בעשטעלונגען פון פרעמדע שטעדט ווערען פינקטליך פערפערטיגט און ארויסגעשיקט אויף מיטעלמעסיגע פריי־זען, ווען מען שיקט צו 25 פראצענט האנד געלד. (174) 15—4

---

# לעזט ביכער

אין 5 שפראכען

אין **צוקערמאנ'ס** לייה-ביב-ליאטהעק

178 — 4—4

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---

# היימישע מיטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

## אהרן משכיל-לאיתן

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50-1